צווייטער יאהרגאנג
№ 13.

יודישע
# פאלקס־צייטונג.

כ"ו אדר תרס"ג. פערלאג „פאלקס־בילדונג" ווארשא. 25 März 1903.

## כשר לפסח.

פּהעע — פּהעע

אפילו למהדרין מן המהדרין.

די ארעסער אבטהיילונג דער בעוואוסטער טהע אק־ציען־געזעלשאפט, וועלכע איז בעקאנט אונטער דער פירמא

### ו. וויסאצקי עט קאמפּ. מאסקווא
(קלונימוס זאב וויסאצקי)

איז מודיע, אז אויך היינטיגעם יאהר ווי די פריהעריגע יאהרען ווערד די טהע אויף פסח פערפּערטיגט אונטער דער שטרענ־גער השגחה פון דעם היעגען רב און זיינע נאמנים; אז ס׳זאל חלילה ניט זיין קיין שום קלענסטער חשש פון חמץ.

די טהעע ווערד געארבייט דורכאויס דורך יודישע ארביי־טער ־יין, וויבער אין אמת כשר אויף דעם פיינסטען אופן, ווי עס קען נור געבען און אויך אויף דיזען ארט ווערד אריינגעלעגט אין די קיסטע און צושיקט אלע אונזערע געעהרטע אבנעהמער אויך אין אונזערע נידערלאגע אין ווילנא. ווארשא, חאר־קאוו, ריגא, טיפליס, ראסטאוו, סימפערפאל אזוו.

דער הכשר מיט דער חתימה און זיגעל פון דעם רב געפינט זיך ביי יעדען אבנעהמער פון אינזער טהע.

3—3 178

---

## די קאנדיטעריי פון ברידער קאטליצקי
### אין ווארשא:

1) נאוואליפקי נומר 8 ביי האטעל „ראססיא”. — 2) פיליע: אייזערנער טהויער נומר 3 ביים זאקסישען גארטען

(טעלעפאן 1148 נומר)

נעמט אן אלערליי בעשטעלונגען פון קאנדיטעריי זאכען, ווי: טארטען, מאראז־שענע, קאנפעקטען, פיראמידען און פיראושנעס. די אלע סארטען קען מען צו פסח בעקומען אין שטרענגסטע כשרות. בעשטעלונגען פון פרעמדע שטעדט ווערען פינקטליך פערפערטיגט און ארויסגעשיקט אויף מיטעלמעסיגע פריי־זען, ווען מען שיקט צו 25 פראצענט האנד געלד.

15—3 (174)

---

## בבית מסחר הספרים של האחים
## לעווין עפשטיין ושותפיהם
### ווארשא, גענשא נומר 5.

נמצא להמכר יותר משלשת אלפים מיני ספרים מכל המקצעות והם: חומשים מחזורים, סדורים, שו״ת, דרוש, פוסקים, שס״ם ואלפסין, ספרי למוד, מליצה, מחקר, שיר והספרות היפה; ספורים בזארגאן. — בית-המסחר הנ״ל ממלא רצון הקונה עצהיו״ט.

אדרעסע:

Ком. тов. Братьевъ Левинъ-Эпштейнъ и Ком.
Варшава, Гусья № 5.

Kom. Ges. Gebr. Lewin-Epstein & Co., Warschau,
Gesiastr. 5.

168 11—4

קאטאלאג מפורט יצא לאור, מחירו 20 קאפ.

---

## ווייז, עקאנאמיש זיסס אונד ביליג!

פיעל פערגניגען צו חג הפסח וועט האבען יעדער, וועלכער וועט קויפען אין מיין גרויסען ווייןהאנדלונג, וועלכער שאן פיעל יאהרען בעוואוסט איזט, דען בעריהמטען **סארטימענט** פון 1 פלאש א״י וויין „כרמל” 1/20 פלאש שפירט; 1 פלאש קאניאק; 1 פלאש אלטע מעטה; 1 פלאש רויט וויין זיססען; 4 פלאש אלטען אונגארן-וויין, ס״ה 10 פלעשער פיר א גאנץ געניען פרייז נור 10 רובל. איך פערזיכערע דאס אללע וואס ווענדען זיך צו מיר מיט בעשטעלונגען וועלען העכסט צופריעדען זיין על צד היותר טוב. ביטטע צו שיקען די בעשטעלונגען מיט 20% האנד-געלד בעציטענס. הענדלער בעקומען גרויסען ראבאט. בעקאנטע פירמען ווירד געשיקט אהנע האנדגעלד. פערפאקונג איז אומזאנסט. **כשר לחג הפסח.**

## מאיר מענדעל זיידמאן, ווארשא.

Складъ винъ и коньяковъ

**М. М. Зайдмана, Варшава, Налевки 7.**

---

## ספעציעללעס אנגרא לאגער
### היזיגער,
רוססישער אונד אויסלענדישער

## זייפע, פערפומעריא
אונד

## קאסמעטיק
### ספעציעלל פערקויף פון ציהן-בירשטען

## S. ZUCKERMANN

**Warszawa, Nalewki Nr. 16.**

(39) 16—15

---

## КОШЕРНЫЯ ВИНА כשר

Съ разрѣшенія духовнаго раввина г. Одессы **І. Гальперина** въ моемъ ренсковомъ погребѣ, помѣщающемся въ Одессѣ на Базарной ул., въ д. Пастухова за № 41, съ 1 іюля 1896 года производится оптовая и розничная продажа КОШЕРНЫХЪ ВИНЪ — русскихъ и иностранныхъ — подъ наблюденіемъ г. **Х. Я. Левина**, довѣреннаго г. раввина. Тамъ же продается Пасхальный спиртъ по казенной цѣнѣ.

І. КОНЦЕЛЬМАНЪ.

Адресъ для писемъ и телеграммъ: КОНЦЕЛЬМАНУ,
**ОДЕССА**

---

## וויכטיג פיר ארויסגעבער, מחברים און לעזער

די בוכבינדעריי און גאלאנטעריי-ארבייט פאבריק „טרוד” „ТРУДЪ”, פון **א. קאמען, ווארשא**, סאלנא 10

נעהמט אן פערשיעדענע פראכט און איינפאך ארבייטען צו זעהר מעסיגע פרייזען. די בוכבינדעריי האט אלע נייטיגע מאשינען, די נייעסטע און שענסטע ארנאמענטען און שריפטען, נעהמט אן בעשטעלונגען אויף איינבינדען און

**בראשירען גאנצע אויפלאגען, ביבליאטהעקען, האנדעלסביכער, שולביכער א. ז. וו.**

בעזאנדערס פערפערטיגט פראכט-בענדער אויף **פּרעזענטען**

שטענדיגער בוכבינדער פיר פערלאג „תושיה” און „אחיאסף” און פיעל אנדערע.

זיך צו ווענדען שריפטליך און מינדליך אן

164 **А. Камень,** Варшава, Сольная 10. 10—5

---

## הויז דרוקעריא

„ПОБѢДА”
И. А. ЛЕВИНСОНЪ
ОДЕССА-ВѢНА

יעדערמאן איזט אים שטאנדע מיט מיינער טיפען-דרוקעריא גארניטורען וועלכע זינד פארהאנ-דען אין רוססישע, פראנצעזישע אונד העברייאישע בוכשטאבען, זעלבסט דריקען אללעס וואס ער האבען וויל.

| | |
|---|---|
| גארניטור נ׳ 0 מיט 90 טיפען 1. ר״ו | גארניטור נ׳ 3 מיט 480 טיפען 4.75 ר״ו |
| „ 1 „ 160 „ 2. „ | „ 4 „ 700 „ 6.00 |
| „ 2 „ 290 „ 3.50 „ | „ 4a „ 1000 „ 10.— |

צו בעציהען אוס דיא שטעמפעל-אונד טיפען-פאבריקען

**И. А. ЛЕВИНСОНЪ** — Одесса, Канатная 122.

**J. LEWINSON** — WIEN, I. Adlergasse 12.

פרייזקוראנטע ווערדען פערזענדעט נאך ערהאלט איינער פאסטמארקע 7 קאפ.

10—10 ═══ אגענטען ווערדען איבעראל געזוכט. ═══ (136)

Nr. 13. | Jüdische Volks-Zeitung | צווייטער יאהרגאנג.


# יודישע פאלקס-צייטונג

א וואכענבלאט פאר אלע יודישע אינטערעסען.



אבאנאמענטס-פרייז:
עסטרייך-אונגארן: יעהרליך 10 קראנען,
האלב-יעהרליך . . . . 5 „
פיערטעל-יעהרליך . . . 2.50 „
דייטשלאנד: יעהרליך . . . 9 מארק.
אמעריקא, ענג. אנד יעהר. 8 שילינג 8 פענס.
אנדערע לענדער: יעהרליך 11 פראנק.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 12.50 קראנען; 11.25 מארק; 11 שילינג; 14 פראנק.
האלביעהרליך 7.50 קראנען; 6.75 מארק 6.60 שילינג; 8.40 פראנק; פירטעליעהרליך 3.75 קראנען; 3.40 מארק; 3.30 שילינג; 7.29 פראנק.

ענדערן די אדרעסע קאסט 20 קאפ. 40 העלער.



אבאנאמענטס-פרייז פאר רוסלאנר:
יעהרליך 4 רובל, האלב-יעהרליך 2 רובל פיערטעל-יעהרליך 1 רובל.
צוזאמען מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום עליכם": יעהרליך 5 רובל; האלב-יעהרליך 3 רובל, פיערטעל-יעהרליך 1.50 רובל, יעהרליכע אבאנענטען קענען די 5 ר' אויסצאהלען אין ראטען: ביים אויסשרייבען 2 רובל, דעם 1-טען אפריל 1 רובל, 1-טען יולי 1 רובל און דעם 1-טען אקטאבער די לעצטע ראטע 1 רובל.
איינצעלנע נומערן 8 קאפ. 20 העלער.

פרייז פאר מודעות (אנציינען):
פאר יעדער קליינע שורה פעטיט 15 קאפ. 30 העלער, 40 פעניג.
אויף די ערשטע זייטע פאר דעם טעקסט 50 קאפ 60 העלער, 80 פעניג.



די אדרעסע פאר עסטרייך-אונגארן און אנדערע לענדער:
Administration
„Jüdische Volks-Zeitung"
Krakau, Sebastyangasse 32.

די אדרעסע פאר רוסלאנד:
Издательство „Тушія" Варшава
для „ФОЛКСБИЛДУНГЪ"
מינדליך: נאוואליפקי 7, וואהנונג 9.


25 März 1903. | Nr. 13. | כ"ו אדר תרס"ג.

## צו אונזערע געעהרטע אבאנענטען.

מיר דערמאנען די געעהרטע אבאנענטען, אז מיט

## דעם דאזיגען נומער

ענדיגט זיך דער אבאנאמענט פון די וואס האבען אויסגעשריבען די פאלקס-צייטונג נאר אויף איין פיערטעל יאהר און בעטען אין דער צייט אריינשיקען דעם אבאנאמענטס פרייז: אויף דריי פיערטעל יאהר 3 רובל; א האלב יאהר 2 רובל; א פיערטעל יאהר 1 רובל.

אויך דערמאנען מיר די יעהרליכע אבאנענטען, וואס האבען אויסגעשריבען די צייטונג צוזאמען מיט דער פרעמיע, 4 בענדער פון אלע שלום עליכם'ס ווערק, אויף ראטען, דארפען צום 1-טען אפריל צושיקען

## די צווייטע ראטע 1 רובל.

די ניט יעהרליכע אבאנענטען בעצאהלען פאר דער פרעמיע 4 בענדער פון שלום עליכם'ס ווערק 2 רובל, אדער 50 קאפ' פאר יעדען באנד מיט פארטא.

מיר בעטען די יעהרליכע און ניט יעהרליכע אבאנענטען אריינצושיקען דעם ווייטערדיגען אבאנאמענטס פרייז ניט שפעטער פון 1-טען אפריל, כדי מיר זאלען זיי קענען פינקטליך שיקען די ווייטערדיגע נומערען.

## די אדמיניסטראציע.

**אנמערקונג:** 1) מיר בעטען די אבאנענטען, אז ביים אריינשיקען דאס געלד זאלען זיי מודיע זיין יעדער זיין נומער פון באנדעראל. 2) אבאנענטען אויף דער „פאלקס-צייטונג" ווערען אנגענומען ניט ווייניגער ווי אויף א פיערטעל יאהר פון נומער 1, פון נומער 14; פון נומער 27 און פון נומער 40. 3) די „פרעמיע" אהן דער צייטונג פערקויפט זיך ניט. 4) די אבאנענטען, וואס האבען אריינגעשיקט דעם 1-טען יאנואר 1 רובל 25 קאפ. אדער 1 רובל 50, דארפען צום 1-טען אפריל צושיקען די ערשטע 75 קאפ און די צווייטע 50 קאפ. לויט אבאנאמענט פרייזען וואס געפינט זיך אויף יעדען בלאט.

## נייע פרנסות.

די געשעפטען ווערען וואס אמאל ערגער און די לאגע פון די וואכסענדע דורות ווערד פון טאג צו טאג אלץ מעהר פערוויקעלט, די דאגות, מיט וואס זיך צו דערנעהרען, אלץ שווערער. אמאליגע גליקען פון א פארזארגטע פרנסה ביי א רייכען שווער אדער ביי דער מאמעס פארטוך, זענען היינט כמעט נישטא. היינט מוז יעדערער, סאי א זכר סאי א נקבה שווער און ביטער ארבייטען, ווען ער וויל ניט אנקומען צו פרעמדע, ווען ער איז ניט פון נאטור א בעטלער. ניט קיין יחוס, ניט קיין זכות אבות קענען היינט בייששטעהן אין דער גרויסער מלחמה פאר די טעגליכע בעדערפנישען. דער מענש ווערד בעשאפען און געבארען אויף שטענדיגע ארבייט, די נאטור שענקט קיין זאך ניט אומזויסט. ליידער האבען אונזערע ברידער דעם כלל וועניג געלערנט אין דער יוגענד. דער יוד בטבע איז ניט מסוגל צו א סיסטעמאטישער ארבייט, ער וועט בעסער ארבייטען ווי איין אייזעל ביי לופטפלענער, ביי געשעפטען, וועלכע זענען ניט געשטויגען און ניט געפלויגען, אנווענדען א סך ענערגיע און מאטערניש ביי אלע פוסטע זאכען, אבי נאר ניט צו ווערען יענעמס א משרת און זיך ניט מאוס

מאכען ביי פרעמדע מענשען אין די אויגען. פון איין זייט קאן אזא מדה שטארק געפעלען, אין דעם ליגט דאך איין איידעל געפיהל פון א געוויזענעם מאגנאט, דאס איז דאך א סימן פון אמאליגען יחוס, דאס קאן ניט זיין קיין חסרון צו א שדוך. אין פראקטישען לעבען אבער איז דאס א גרויסער חסרון. דאס לעבען פרעגט ניט "פון וואנען?", עס אינטערעסירט זיך ניט, צי דער דאזיגער פארשוין קאן און וויל ארבייטען, עס ווייסט נאר, אז ווער עס וויל עקסיסטירען מיט לייטען גלייך מוז בעל־כרחו נעמען א חלק אין דער גרויסער וועלט־ארבייט.

אונ ווען מיר יודען וועלען זיך גענוי צוקוקען צו אונזער איצטיגען צושטאנד אונ פארגלייכען אונזער פאלק מיט אלע נאציאנען, וועלכע שפילען יעצט א געוויסע ראלע אין דער וועלט, מיזען מיר מיט א ווייטאג אין הארצען מודה זיין, אז בעונותינו הרבים פעהלען אונז גאנצע שטיקער אין דעם גוף פון פאלק. דורך פערשידענע סבות פון דרויסען אונ פון אינוויינינג, איבער וועלכע מיר וועלען אמאל אפשר בעזונדער רעדען, זענען מיר אבגעשטאנען אין בילדונג אונ ענטוויקלונג אונ אונזער המון־עם הונגערט גאנץ אפט נאר דערפאר, ווייל ער האט זיך אין דער יוגענד שלעכט ערצויגען, ווייל ער איז פון קודם אן געוועזען אבגעשוואכט אין ארבייט, ווייל מען האט פון איהם מיט געוואלד צוגענומען א סך פראפעסיעס אונ בעשעפטיגונגען, פון וועלכע ביי אנדערע נאציאנען זענען זיך מפרנס הונדערטער אונ טויזענטער מענשען. אלס ביישפיל וועל איך אנרופען עטליכע אזוינע מלאכות. נעמט צום ביישפיל די פראגע פון דינסטען אונ סתם מענשען צו בעדינען. פרעגט אונזערע בעלי־בית'טעס אין די גרעסערע שטעדט ווי פיעל שטעהען זיי אויס פון די קריסטליכע דינסטען? אונ פונדעסטוועגען קענען זיי זיך ניט ענטשליסען צונעמען א יודישע דינסט? אונ ווייסט איהר פאר וואס? ווייל אונזערע יודישע מיידלעך, אפילו פון דעם ארעמען שטאנד, האלטען ניט פאר נייטיג זיך צו לערנען אין דער יוגענד האכען אונ וואשען, זיי האבען קיין בעגריף ניט ווי ריין צו האלטען א שטוב, ווי זיך צו בעגעהן מיט א קינד, זיי האבען ביי זייערע מאמעס קיין מאל ניט געלערנט, ווי זיך אויפצופיהרען אין א פרעמדע שטוב, ווי אזוי צו רעדען מיט א מענשען, מיט איין ווארט: דאס איז ניט קיין פארטיגער מענש, מיט וועלכען מען זאל זיך קענען בענוצען אין אלצדינג אונ אויף וועלכען מען זאל זיך קענען פארלאזען אין שטוב אונ אין קיך. אונ ווען אונזערע פארזארגער, די פארשטעהער פון אונזערע רייכע קהלות וואלטען געהאט שכל צו עפענען געהעריגע שולען, וואו עס זאלען זיך ערציהען ארדענטליכע דינסט־מיידלעך אונ משרתים *) וואלט מען אפשר אויך געפועל'ט ביי אונזערע דאקטורים, אדוואקאטען אונ סתם רייכע לייט, זיי זאלען ביסלעכווייז איינפיהרען ביי זיך אין די הייזער יודישע לאקאיען, פוהרמאנעס, שטוב אונ דינסט־מיידלעך, צו וועלכע אפילו אונזערע רייכע נאציאנאליסטען האבען ליידער ביז יעצט קיין גרויסען צוטרויען ניט.

מיט דער צייט וואלטען מיר אויך געקאנט האפען, אז די גוווערנאנטענס, באנעס אין רייכע יודישע הייזער זאלען אויך האבען א יודישע מעטריקא אונ ביסלעכווייז וואלט אונז געלונגען צו געפינען א כשר'ה אונ עהרליכע פרנסה פאר די טויזענטער עלענדע יודישע קינדער, וועלכע געהען ליידער יעצט אויס פון הונגער אין די גרויסע אונ קליינע יודישע שטעדט.

עס איז שוין לאנג צייט, ביי אונז זאל מקוים ווערען די ברכה: לכו התפרנסו זה מזה — יודען שטיצט יודען, געדענקט אן אייגענע ארימע לייט, שענקט ניט קיין נדבות אומזוסט נאר העלפט די וואס ווילען ארבייטען אונ געפינען זי ניט.

ת.

*) אזוינע שולען עקסיסטירען שוין אין דייטשלאנד אין פארשידענע יודישע קהלות, אויך אין רוסלאנד עקסעסטירען זיי שוין אין פארשידענע ערטער צווישען קריסטען.

# פעליעטאן.

## מיין ערשטער ראמאן.

פון

**שלום־עליכם.**

(פארטזעצונג).

### דאס דריטע קאפיטעל.

(א צעטעל פון ליגנערס, א קאלטער קוק אונ אווארעמע רעקאמענדאציע.)

פארהאן אלערליי מינים ליגנערס אויף דער וועלט: פארהאן ליגנערס אזעלכע, וואס דארפען זאגען אליגען אונ מיזען זאגען אליגען—דאס געשעפט פאדערט; אונ פארהאן ליגנערס אזעלכע, וואס קיינער נייט זיי נישט, קיינער שלעפט זיי ניט פאר דער צונג, נאר גלאט אזוי—ס'איז דא א מויל אונ סע רעדט. צווישען די דאזיגע ליגנערס זענען פארהאן דרייערליי מינים: א ליגנער אויף נעכטען, אליגנער אויף היינט אונ א ליגנער אויף מארגען. דער "נעכטיגער" ליגנער וועט אייך דערצעהלען בבא מעשיות, וואס ניט געשטויגען ניט געפלויגען, ער וועט אייך שווערען, אז ער איז דערביי אליין געוועזען—אונ נעהט זייט חוקר ודורש, זוכט עדות, לייקענט איהם אפ!... א "היינטיגער" ליגנער—דאס איז ניט קיין ליגנער אייגענטליך, נאר א באריהמער; ער וועט אייך דערצעהלען, אז ער האט, אז ער ווייסט, אז ער קאן—אונ געהט פארהערט זיך מיט איהם!... דער "מארגענדיגער" ליגנער—דאס איז גלאט א גוטער מענש, וואס זאגט אייך צו גילדענע בערג, ער וועט געהן, ער וועט רעדען, ער וועט טהון פון אייערטוועגען—אונ איהר דארפט איהם גלויבען אויף נאמנות... די אלע דריי מינים ליגנערס ווייסען, אז זיי זאגען א ליגען, נאר עס מאלט זיך זיי אויס, אז יענער גלויבט זיי. פארהאן אבער אזא מין ליגנער, וואס בשעת ער זאגט אפ דעם ליגען מיינט ער אליין, אז ער האט געזאגט איין אמת אונ איז איבערצייגט, אז יענער מיינט אויך אז ס'איז איין אמת, אונ בשעת מעשה האט ער באמת הנאה. דאס איז א מענש, וואס לעבט אינ'ם עולם הדמיון, א מענש וואס פאנטאזירט; מע קאן זאגען דאס איז א מין מחבר, וואס קלערט אויס אלע מאל א נייע מעשה, פארגעסט וואס ער האט נעכטען דערצעהלט אונ די פאנטאזיע ארבייט ביי איהם אלע מאל א פרישען געדאנק, א שפאנעל נייע אידעע.

אט פון דעם לעצטען מין ליגנערס איז געוועזען מיין פרינציפאל. איהר פארשטעהט שוין אליין גאנץ גוט, אז פונ'ם "דווארעק" האט זיך אויסגעלאזט א גאנץ געוועהנליכער הויף, פונ'ם פאלאץ — א גאנץ געוועהנ־

# נייעס פון דער וואך.

## I. וועלט נייעס.

— דער רוסישער קייזער האט ארויסגעלאזט א מאניפעסט, אין וועלכען עס ווערד פערבעסערט די לאגע פון די גייסטליכע, יעדער קאן פריי אבהיטען זיין אמונה; אז מען זאל איינפיהרען נייע ארדע־נונגען אין די גובערנסקע און „אויעזדנע אופראווע־ניעס", אין וועלכע עס זאלען איין אנטייל נעמען אויך די אויסגעקליבענע מענשען פון פאלק; מען זאל העלפען די פויערען, וואס קענען אין דארף נישט וואהנען, ארויס צו ציהען זיך פון דארט און זיך צושרייבען אין אנדערע ערטער.

בכלל איז דער מאניפעסט פול מיט הייסע ליבע פון רוסישען קייזער צו אלע זיינע אונטערטאנען מיט די בעסטע וואונשען צו פאר־בעסערען די לאגע פון די עדעל־לייט און פון דעם פראסטען פאלק. דער רוסישער קייזער מיט העכסטע ליבע ווענדעט זיך צום פאלק מיט צוהעלפען אין דער ארבייט לטובת הכלל.

— די געזעלשאפט צו פארברייטען אין רוסלאנד טעכנישע וויסענ־שאפט האט בדעה צו גרינדען אין מאסקווא א שולע פאר אויוועןּ־הייצערס אין די אייזענבאהנען און אין די פאבריקען.

— איינינע ווארשעווער הויז־בעזיצער האבען דערלאנגט א בקשה ביי דער רעגירונג, מען זאל זיי ערלויבען צו גרינדען א חברה צו בויען בילינע דירות פאר נישט קיין רייכע מענשען.

— אין דער רוסישער ניזבערניע פערם הערשט א גרויסער הונגער.

— דער פינאנץ־מיניסטער אין רוסלאנד האט אויסגעארבייט א פראיעקט, לויט וועלכע די ארבייטער אין די פאבריקען, ווען זיי ווערען קראנק, ווערען קורירט אויף די פאבריק־קאסטען.

— די צייטען וועט אין פעטערסבורג קומען איין עקסטרענער דעלעגאט פון דעם יאפאנישען האנדעלס־מיניסטער אויסצושטודירען, ווי אזוי מען קאן אין רוסלאנד פארברייטען סחורות, וואס די יאפאנישע פאבריקען ארבייטען אויס.

— די דייטשע רעגירונג ווארנט, אז קיינער זאל נישט פאהרען קיין דרום־אפריקא אהן איין ערלויבניש פון דער ענגלישער רעגירונג.

— אין טוניס (פראנצויזישע אפריקא) איז נישט לאנג געוועזן א שטארקער שניי און האט אנגעמאכט גרויס שאדען. א שניי אין טוניס איז איינע פון די זעלטענע זאכען, וואס קיינער פון די דארטיגע איינ־וואהנער האט עס ניט געזעהען.

## II. יודישע נייעס.

**רוסלאנד.** די צאהל פון די יודישע שילער, וואס לערנען אין די קאנסערוואטאריומס אין דרום רוסלאנד גרייכט ביז 500, אין גאנצען לערנען זיך אין די קאנסערוואטאריומס 834 שילער, דאס הייסט בערך 60 פראצענט שילער זענען יודען.

— אויף דעם בית עולם אין ווארשא האבען זיך י"ב אדר צוזאמענגע־נומען א גרויסער עולם פון די תלמידים און פארעהרער פון דעם פאר־שטארבענעם יודישען שרייבער ר' אברהם שלום פריעדבערג ז"ל, איהם אב צו געבען כבוד אין דעם טאג, ווען עס איז געווארען א יאהר זייט ער איז גע־שטארבען און צו זיין דערביי ווען מען וועט אויפשטעלען א מצבה אויף זיין קבר. די מצבה איז אין די פארמע פון א ספרים־שראנק אנגעשטעלט מיט ביכער. אויף די ביכער זענען געצייכענט אלע ספרים, וואס דער פאר־שטארבענער האט געשריבען. אויף איין בלאט פון איין אפענעם ספר שטעהען די ווערטער „אם אשכחך ירושלים תשכח ימיני", אויף דעם צווייטען בלאט א פעדער, א טינטער און א לארבער־קראנץ. אויבען אויף דער מצבה איז איין אויסגעהאקטער מגן דוד. דער חזן ה' ש. זיצש מיט דעם קאר האבען געזונגען איינינע טרויער־פסוקים און „אל מלא רחמים" און דערנאך האט זיין חבר ר' שאול פנחס ראבינאוויץ געהאלטען א רעדע אויף העברעאיש, אין וועלכער ער האט געשילדערט די וויכטינקייט פון דעם פארשטארבענעם און אלץ וואס ער האט אויפגעטאן פאר זיין פאלק.

— די רוסישע צייטונגען מעלדען, אז אין ניכסטען וועט מען אין די אייזענבאהן־שולען ערלויבען צונעמען יודישע שילער אהן שום פראצענט.

ט"ז אדר איז אין ווארשא געוועזען א פורים באל אין דעם שווייצער־טאל. דעם דאזינער באל, וועלכער איז שוין דער פיערטער, האבען די ערשטע צוויי יאהר געמאכט די ווארשעווער יודישע ליטעראטען, נאר דאס דריטע יאהר האבען עס איבערגענומען אנדערע און האט דעריבער נישט מעהר דעם כאראקטער פון א ליטערארישען באל. אויסגעצייכענט

---

ליבע שטוב מיט אסך וויינציגער פון דרייסיג חדרים און חדרימלעך; דער גארטען איז געוועזן א גאנץ געוועהנליכער גארטען, אויפ'ן ארט פון ווייינטרויבען זענען געוועזן גרינע אגרעסען! אויפ'ן ארט פון וויין — פשוט'ער עפעלקוואס און אויפ'ן ארט פון די גרויסע לעשטשעס זענען געוועזן קליינע העכטלעך: אי דאס ניט פונ'ם איינענעם טייך, נאר געבראכטע פונ'ם מארק...

באנעגענט האט אונז א גראבע יודינע מיט א פאק שליסלען. דער קוק, וואס זי האט אויף מיר געווארפען איז געוועזן א קאלטער קוק און מע קאן ניט זאגען אז ס'איז מיר געוועזן זעהר שטארק אנגענעהם. דער דאזינער קוק האט באדייט: „וואס איז דאס פאר א שלים־מזל?..."

מיין בעל הבית האט דעם קוק פארשטאנען און האט מיט א חנופה'לע ווי פארענטפערט זיך פאר איהר:

— דאס האב איך געבראכט א נייעם לעהרער פאר'ן „קינד"... וואו איז דאס „קינד"?

— דאס קינד שלאפט נאך — האט זי איהם געענטפערט מיט א קול פון א מאנסביל און האט מיך מכבד געוועזן מיט נאך איין קאלטען קוק, וואס קאן פארקיהלט ווערען פון איהם די גערערעם. א גליק וואס דער פרינציפאל האט געהייסען, מע זאל עפּיס געבען צום טיש און האט מיך באזעצט נעבען זיך און האט מיר אין עטליכע מינוט, ביז מע האט דערלאנגט דעם סאמאוואר, אויסדערצעהלט וואס זיין זוהן קאן, ווי גוט ער לערנט און ווי שען ער שרייבט.

— זיין שרייבען האט א שם! די וועלט טראגט זיך ארום מיט זיינע בריף! דייטש איז ביי איהם די מוטערשפראך, היינט רעדט ער פראנצאזיש!

די בעל הבית'טע מיט די שליסלען האט דערלאנגט צום טיש קעז און פוטער און סמעטענע און מילך און האניג און נאך גוטע זאכען, און עס וואלט געוועזן גאר ניט שלעכט, ווען זי זאל אליין זיך ניט גע־ווען אהועקזעצען אקעגען און ווארפען אויף מיר מיט איהרע זיסע אויגען. מיין פרינציפאל האט פארשטאנען איהר קוק און האט איהר אויף א מינוט אויסגערעכענט דעם יחוס מיינעם, ווער איך בין און וואס איך קאן, און איך האב געפיהלט, אז עס ברענט ביי מיר דאס פנים מיט די אויגען מיט'ן קאפ און מיט די האר פונ'ם קאפ. נאך מיין פרינצי־פאלס ווארעמע רעקאמענדאציע איז אויסגעקומען, אז איך בין דעם בעל שמ'ס איין איינינקעל און קום ארויס פון סאמע רבנים מיוחסים און גבירים אדירים, און קאנען קאן איך מעהר פון א סטודענט און פון א דאקטאר און פון א פראפעסאר און פון דריי פראפעסארען... צי האט זי געגלויבט די דאזיגע פזמונות — ווייס איך ניט, נאר דער קאלטער הארטער קוק איהרער איז געווארען, דאכט מיר, אביסעל ווארעמער און ווייכער.

האט זיך היינטיגער באל פון די פריהערדיגע דערמיט, וואס ער האט געהייסען א „מאסקען־באל“. צום באל זענען געקומען זעהר פיעל געסט דאס רוב פון די ליטווישע קלאס. גוט געראטען זענען געווען אייניגע מאסקעם און קאסטיומען, ווי די „שבת מלכתא“ (מאדאם לעווין), „לבנין“ (מאדאם פרייד), „יום כפור“. (ליליענפעלד), דער „שרבן“ (פרייד) און דער וואהלער יונג“ (אש). געפעלען איז אויך שטארק דער „אסימילאטאר“, דער „פאקענטרעגער“, דער „קישקעלעך פארקויפער“ און דער בלינדער (מאנפריד). אויך האט שטארק איינגענומען די „יודישע חתונה“ מיט די „כלי זמרים“, מחותנים און בדחן (י. סירקין). דער באל האט געדויערט ביז טאג.

— דער פראיעקט צו גרינדען פאר די יודען אין דרום רוסלאנד א מיטעל־שולע צו לערנען טעכניק, האלט ביים בעשטעטיגט ווערען.

— אין דאס מיניסטעריום פאר פאלקס־בילדונג ארבייט זיך אויס א פראיעקט, מען זאל ארויסגעבען איין „אוסטאוו“ פאר די יודישע שבת־שולען. לויט דעם דאזיגען „אוסטאוו“ וועט מען קענען עפענען אזויגע שולען און מען וועט נישט דארפען יעדעס מאל אנפרעגען צו די קוראטארען פון די לעהר־ראיאנען.

— די ווילנער יודישע אינטעליגענץ האט איינגעפיהרט ניצליכע פארלעזונגען אין די בילינע קיך. די צאהל פון די צוהערער איז זעהר פיעל.

— אין דאס מיניסטעריום דעם אינערען האט מען פארגעטראגען א פראיעקט, מען זאל פארגרעסערען די צאהל שטעדט, וואו יודען מעגען וואהנען דערמיט וואס מען וועט זיי ערלויבען צו וואהנען אין סמאלענסק און אין אלע שטעדט פון קורלענדער גוב.

— דער מילנער־פעראיין אין קיעוו האט דערלאנגט א בקשה צו דער רעגירונג, מען זאל ערלויבען יודישע מילנער צו וואהנען אויסער דער „טשערטא“, ווען זיי האבען דארטען נייטיג צו זיין וועגען געשעפט־זאכען.

— די מינסקער געזעלשאפט, וואס זארגט צו פארבעסערען די ערד־ארבייט, האט בעשלאסען צו דערלאנגען א בקשה צו דער רעגירונג, אז מען זאל ערלויבען יודען צו נעמען אין ארענדע לאנד און גאנצע גיטער.

— דער מיניסטער דעם אינערען און דער מיניסטער פאר בילדונג האבען ערלויבט צו גרינדען אין ריגא א שולע פאר יודישע בעלי־מלאכות און האבען אויך ערלויבט צו נעמען צו דעם צוועק פון דער פלייש קאראבקע 40,000 רובל מיט אמאל און יעדעס יאהר צו 3000 רובל.

**עסטרייך—אונגארן.** אין בוטשאטש האט מען אויסגעקליבען צום בירגערמייסטער דעם יודען בערנהארד שטערן.

**ענגלאנד.** די „יק״א“ איז זיך משתדל צו בעקומען איין ערלויבניש פון דער רעגירונג, כדי זי זאל אליין קענען טון לויט די געזעצע פון לאנד.

## III. ציוניסטישע נייעס.

— אין טאמסק איז געוועזען א גרויסע ציוניסטישע אספה, אויף וועלכע עס איז בעשלאסען געווארען, מען זאל אויסבעסערען דעם יונגען דור און איינפלאנצען אין איהם ליבע צום פאלק.

— די ציוניסטישע חברה בר כוכבא אין אלכסנדריא (מצרים) האט אנגעהויבען ארויסצוגעבען א ציוניסטישען מאנאטס־זשורנאל מיט דעם נאמען «Le messager Sioniste». דאס ערשטע העפט איז שוין ארויס.

— אין בודאפעסט (אונגארן) האט זיך געגרינדעט א חברה צו פאר־קויפען ארץ ישראל וויין.

— אויף דער ציוניסטישער אספה, וועלכע איז געווען אין מאנשעסטער, האט צווישען אנדערע געהאלטען א רעדע דער שייך איל־איסלאם (א מאחמאדאנישער גייסטליכער) אבדולאה קיליאם עפענדי. אין זיין רעדע האט ער געזאגט, אז אלס צייכען, דאס דער סולטאן איז צופרידען פון דעם ציוניזמוס איז דאס, וואס איך בין געקומען אויף דער אספה; וואלט אנדערש געווען, וואלט איך א ודאי נישט געקומען.

---

## קארעספאנדענציעס.

### לידא (ווילנער גוב).

### די אספה פון דעם צענטער „מזרחי“.

דער צענטער „מזרחי“, וואס איז געווארען געגרינדעט אין דעם פאריגען יאהר אין ווילנא פון פרומע יודען און רבנים, צו פארשפרייטען

---

### דאס פיערטע קאפיטעל.

(דאס „קינד“ עסט פאר דריי סאלדאטען און דער לעהרער געהט אויס פאר הונגער.)

דאס „קינד“ איז געווען א הויכער, א גראבער, א געזונטער, א ווייסער, א שענער, א לעבעדיגער, א פרייליכער בחור מיט ווייסע רויט־פארבינע באקען, מיט היבשע פעטע פיסקעס, מיט א הויכען ווייסען שטערען, מיט גוטע גרויע אויגען, מיט פעטקע ווייסע הענט ווי פאמ־פעשקעס און האט ליב געהאט דריי זאכען: עסען און שלאפען און לאכען; נאר מעהר פון אלץ האט ער ליב געהאט דאס עסען, און עסען האט מען דארט געגעסען פון אין דערפריה ביז ביי נאכט; אחוץ טיי און קאווע און איבערבייסען און אנבייסען און ווארעמעס און מיטטאג און וועטשערע, האט די מאמע אלע מאל אריינגעשיקט דעם „קינד“ א גלעזל שאקאלאד, א בייגעל א קיכעל, א לעקעכל, אביסל איינגע־מאכטס, און אפט מאל א לעבערל, א פופיקל און גלאט א שטיקל בולקע—דאס הארץ זאל נישט חלש'ען... און דער לעהרער האט דאס באדארפט צוזעהן, שלינגען די שליים און פארשטילען דעם הונגער מיט א ציגאר טיטון...

די ערשטע צייט ביז דער רבי איז זיך ניט צעגעוואוינט מיט'ן תלמיד, האט ער געליטען דעם אמת'ן טעם פון הונגער, ווארום דעם תלמיד'ס מוטער, די בעל הבית'טע מיט די שליסלען, האט איהם גע־געבען מכות, ניט קיין עסען. אין שטוב האט זיך תמיד געפונען עסענ־ווארג און איבערהויפט מילכיגס לרוב, נאר אלסדינג איז געווען אונטער'ן שלאס. דער פרינציפאל פלעגט זיך אפט מאל אריינמישען, מע זאל געבען דעם לעהרער עסען. דערויף פלעגט די בעל הבית'טע אנהויבען קלינגען מיט די שליסלען—א סימן אז זי איז אין כעס—און זאגען:

— סטייטש ווי רעדן? מע ניט איהם עסען דריי מאל א טאג, האסט דו געהערט אביסל!...

און דאס איז געווען א גרויסער ליגען! נישט נאר דריי מאל א טאג, אפילו איין מאל ניט. איך האב וויפיעל מאל באמערקט פון דער ווייטען, ווי מע ווארפט ארויס שטיקער פלייש, ווי מע גיסט אויס קריגלעך מיט מילך. אין דער צייט ווען איך האב געחלש'ט ביי זיך אין חדר נאך א שטיקל ברויט. די טעג, וואס דער פרינציפאל איז ניט געווען אין דערהיים, בין איך פשוט אויסגעגאנגען פאר הונגער; מיין גליק וואס איך בין באצייטענס געווארען חבר מיט מיין תלמיד.

### דאס פינפטע קאפיטעל.

(דער רבי מיט'ן תלמיד שלאגען בלאט און מע לעבט א גוטען טאג.)

— אויב איהר ווילט זיך האלטען דא און מיר זאלען זיין חבר־אזוי האט זיך אנגערופען איין מאל אין א פריה מארגען צו מיר דאס „קינד“, בשעת מיר זענען געזעסען אליין אין אונזער באזונדער חדר מיט

דעם ציוניזם צווישען די פרומע לייט, האט אבגעהאלטען די ערשטע יעהרליכע אספה דעם 11/23 פעווראל אין לידא, ווילנער גובערניע.

די אספה האט ניט געקאנט זיין א צו גרויסע, ווייל די אגודות, וואס האבען זיך אנגעשלאסען דעם „מזרחי", האבען געשיקט דעלעגאטען נאר איינעם פון א גובערניע. פון אלע קאנטען רוסלאנד זענען אנגעפאהרען דעלעגאטען צוזאמען 52, צווישען זיי 15 רבנים. פון אלע טיילען פון דער וועלט זענען אנגעקומען דעפעשען, בריף אונ ווינשעוואניעס, וועלכע זענען געווען געדעקט מיט מארקעס פון נאציאנאל-פאנד. דער רב ד"ר נאבעל פון לייפציג האט געמעלדעט, אז אין דייטשלאנד האט מען אויך אין זינען צו גרינדען א צענטער „מזרחי", כדי אויך דארטען צו פארבינדען די ציוניסטישע ארטאדאקסען.

אין דעם פרעזידיום פון די אספה האט מען אויסגעקליבען: הרב הגאון ר' יצחק יעקב ריינעס צום עהרען-פרעזידענט, זלמן גור־לאנד פון ווילנא צום פרעזידענט אונ דעם שריפטשטעלער אברהם יעקב סלוצקי אונ פישל פינס פון ראזענאי אלס קאנדידאטען, צו סעקרעטארען: שמואל אלכסנדראוו, יעקב בערמאן, משה כהן אונ פסח פרידלאנד.

דער לידער רב, אלס פרעזידענט פון „מזרחי" האט געעפענט די אספה מיט א שענע רעדע; ער האט ערקלערט דעם צוועק פון דער פארטיי אונ ער האט דערצעהלט פון די ארבייט אונ דעם פארטשריט פון איהר.

געוויסע סיבות האבען גענייטיגט די פרומע ציוניסטען זיך צו פארבינדען צו איין צענטרום, זיך ניט אבשיידענדיג פון די אלגעמיינע ארגאניזאציע. די פרומע ציוניסטען האבען זיך בעצייטען ארומגעזעהען, אז זיי דארפען זיך צענטראליזירען, צוזאמענבינדען זייערע קרעפטען, כדי צו פארשפרייטען צווישען דעם פרומען קלאס דעם ציוניסטישען געדאנק, אבצושלאגען אלע טענות אונ פריטענזיעס פון פרומע געגנער, אבער אויך אין איין צייט צו שיצען די ארטאדאקסען פון פרייע געדאנקען אונ פרייע ליטעראטור.

דער סעקרעטאר משה כהן האט געלעזען דעם בעריכט אין העבראיש, וועלכער האט ארויסגערופען א גרויסען קריטיק פון פאר־שידענע דעלעגאטען, דער סעקרעטאר האט אבער געפונען דעם ריכטיגען ענטפער אויף אלע פראגען אונ תביעות אונ דעם בעריכט האט די אספה אנגענומען אונ זי האט בעדאנקט דעם קאמיטעט אונ דעם סעקרעטאר פאר זייערע פרוכטבארע אונ שווערע ארבייט.

די פרומע געגנער זאגען, אז דער ציוניזם איז שולדיג, וואס יודען ווערען אלס פרייער אונ היטען ניט די מצות פון די יודישע אמונה אונ דער „מזרחי" האט זיך געסטארעט צו דערקלערען צו די ארטאדאקסישע קלאס די אמת'ע ציעלען פון דעם ציוניזם אונ דער „מזרחי" האט געזעהען די ארענטליכע געגנער צו איבערצייגען אונ זיי צוציהען צום ציוניסטישען לאגער.

דער „מזרחי" האט אין דעם ערשטען יאהר א סך געטאן אין דער זאך, אבער דאס איז א זעהר שווערע ארבייט, דען צווישען די פרומע קלאס גיבט עס אזעלכע געגנער, וואס זיי ווייסען אליין דעם אמת, נאר זיי טוען זיך אן א מאסקע אונ וויקלען זיך ארום אין טלית פון פאלשע יראת שמים אונ זיי סטארען זיך צו מאכען מחלוקת צווישען יידישען פאלק, כדי דאס אויסצוניצען צו זייערע אייגענע אינטערעסען. נאטירליך האט דאס זיי גאר ניט געשמעקט, וואס די פרומע ציוניסטען האבען גערעש'ט צו פערבינדען זיך צו איין צענטער, דאס האט זיי שוין גאר צעטומעלט די מחות אונ זיי סטארען זיך צו זוכען חטאים אויך אויפ'ן „מזרחי", זיי ווילען אריינלעגען אין דעם פראגראם פון „מזרחי" פאלשע כונות. אבער דאס העלפט זיי גאר ניט; דער „מזרחי" גערט זיך שטענדיג פאראויס אונ ווייזט אויף דעם פאלק איבערהויפט די פרומע קלאס ווי פאלש זענען די טענות פון די געגנער. דער „מזרחי" האט אין א קורצע צייט דאך געמאכט גרויסע

אפענע פענסטער אין גארטען ארויס—אויב איהר ווילט מיר זאלען זיין חבר אונ איהר זאלט ניט אוועק פאהרען פון דאנען, אזוי ווי יענע לעה־רערס זענען אוועק געפאהרען, זאלט איהר די ספרים מיט די ביכער פארווארפען אונטערען טיש אונ אליין זאלען מיר אדער שפילען אין „דאמקעס", אדער אין „זעכס אונ זעכציג", אדער מיר זאלען זיך גאר אויסציהען אויף די בעטלעך מיט'ן פנים ארויף אונ שפייען אויף דער סטעלי.

אונ נישט לאנג געטראכט, נעמט מיין תלמיד אונ טהוט א שליידער די ספרים מיט די ביכער אונטערן טיש, טהוט זיך א ווארף אויפ'ן בעטל מיט'ן פנים ארויף אונ טהוט א שפיי דורך די ציין, נאר אזוי קונציג, אזוי בריה'ש, אז ער דערלאנגט גלייך צו דער סטעלי אונ מיר ביידע הויבען אן לאכען.

פון דעמאלט אן איז אוועקגעגאנגען ביי אונז א לעבען ווי נאט אין ארעס. דער תלמיד האט אויסגעלערנט דעם רבי'ן שפילען אין „דאמקעס", אין „זעכס אונ זעכציג" (איך בין זיך מודה, אז ביז דעמאלט האב איך ניט געוואוסט קיין צורה פון קיין קארט, אונ אז איך האב מיך באקענט מיט דער שפיל, האב איך ליב געקריגען א קערטל דאס חיות!) דער רבי האט געשלאגען בלאט מיט'ן תלמיד אונ האט פארווארפען אלע ספרים מיט אלע ביכלעך אונ האט געשפילט מיט'ן תלמיד אין דאמקעס אדער אין זעכס אונ זעכציג, אדער געליגען אונ געשפיגען אויף דער סטעלי, אדער געגעסען אינאיינעם מיט איהם, פאר־זוכט פון אלע מאכלים צוביסלעך אונ האט זיך ארום איהם אזוי גוט אונטערגעפוטערט, אז אין א פאר חדשים ארום האט ער פארביינעהענ־דיג א קוק געטהאן אויף זיך אין שפיגעל, דערזעהען אפאר באקען — אונ האט זיך אליין ניט דערקענט...

צו אונז אין חדר אריין איז נישט אריינגעקומען קיינער, אחוץ דער דינסט מיט עסענווארג. מיין פרינציפאל איז זעלטען געווען אין דער־היים אונ די בעל הבית'טע מיט די שליסעל האט געהאט צו טהון טאג ווי נאכט מיט'ן מילכיגס אונ מיט די קריגלעך אונ האט ניט אריינ־געשמעקט צו אונז. מיר האבען דאס געלעבט באמת אגוטען טאג, גע־ווען פראנק אונ פריי, נישט געהאט אויף זיך קיין שום עול פון קיין שום זאך אונ פון קיין שום מענשען—ממש א גן־עדן!

נאר איין מאל האט מיך דער פרינציפאל א חאפ געטהאן:

— נו? ווי אזוי לערענט ער?

— אויסגעצייכענט! — זאג איך אונ פארקרום זיך ניט אפילו.

— איא? וואס האב איך אייך געזאגט? — מאכט ער צו מיר אונ איך וואונדער זיך ווי אזוי איך קוק איהם גלייך אין די אויגען אריין...

אין דער דאזיגער שטוב, וואו איינער האט גענארט דעם אנדע־רען, וואו אלע האבען געפאלשט, געזאגט ליגען, וואו דער שקר איז געהאנגען אויבען אויף, געשוועבט, זיך געלאזט הערען אין דער לופט,— אין דער דאזינער שטוב האט מען געקאנט זיך אויסלערנען זאגען א ליגען.

(פארטזעצונג קומט).

פארטשריט, איבער 20.000 פרומע יודען זענען געווארען ציוניסטען און פיעל ארענטליכע געגנער, אהן קונצען, וואס מיינען ניט קיין שלעכטס, נאר זיי האבען ניט פארשטאנען דעם ציוניזם, זענען יעצט צוגעשטאנען צו די ציוניסטישע בעוועגונג. 210 ציוניסטישע אגודות האבען אנגענומען דעם פראגראם פון „מזרחי" און שטעהען מיט איהם אין פארבינדונג, דארונטער געפינען זיך 84 נייע אגודות, וואס דער מזרחי האט זיי געגרינדעט. צו די מזרחי'שע אגודות געהערען 11.000 מיטגלידער, וועלכע האבען שוין אבגעצאהלט איבער 10.000 שקלים אין די צענטראל־קאסע אין קיעוו. דער „מזרחי" האט אויך שטארק אגיטירט פאר דער באנק, דעם נאציאנאל־פאנד און אויך פאר דעם אדעסער קאמיטעט, אויך פאר אנדערע ציוניסטישע אינסטיטוטען. דער קאמיטעט פון „מזרחי" האט ארויסגעשיקט 6 צירקולארען, וועלכע מען האט צעשיקט אין רוסלאנד און אין אויסלאנד אין איבער 20.000 עקזעמפלארען. מעהר אלס 2000 פריוואט־בריף האט מען צעשיקט.

דער „מזרחי" האט אויך געזעהען, אז די מזרחי'שע אגודות זאלען פארשטארקען דאס לערנען פון תורה, תלמוד און יודישע געשיכטע, 126 חברות האבען זיך געבילדעט אין דער צייט פון א יאהר, צו לערנען ש"ס, משניות, ש"ע, תנ"ך און יודישע געשיכטע.

דאנק דעם „מזרחי" האבען זיך געגרינדעט אויך ציוניסטישע אגודות אין אויסלאנד, אין דייטשלאנד, ענגלאנד און גאליציע.

הרב הגאון ר' שמואל יעקב ראבינאוויטש, א מיטגליד פון אקציאנס־קאמיטע, האט געזאלט האלטען א רעפעראט וועגען די פארשידענע געגנער, און ווי אזוי שוואכער צו מאכען די התנגדות די געגנערישע קראפט, אבער דער רב האט וועגען זיין קראנקהייט ניט געקאנט פאהרען, וואס דאס האבען בעדויערט אלע דעלעגאטען.

דער פרענער רב, דעם לידער רב'ס א זוהן, האט גערעדט וועגען דעם חנוך ביי די פרומע קלאסע און דאס פארהאלטען זיך צום מזרחי, אבער זיין מיינונג האט ארויס גערופען שטארקע ויכוחים. אברהם יעקב סלוצקי, ד"ר אווינאוויצקי און אנדערע דעלעגאטען האבען געזאגט, אז דער מזרחי האט דעם צוועק מעהר ניט ווי צו אגיטירען צווישען פרומע, אבער ער דארף גאר ניט טון צו פארשטארקען דעם דת, דען צו דעם צוועק פון מחזיק זיין צום דת האט מען איהם ניט געגרינדעט. זלמן גורלאנד און דער שריפטשטעלער וואלף יעבץ און אנדערע האבען אבער געוואלט, אז דער מזרחי זאל דווקא צונעמען צו זיך אזעלכע אגודות, וואס האלטען זיך שטרענג פרום מיט אלע פיצעלעך. זיי האבען זעהר בעדויערט, וואס עס קומען וועניג פרומע און ווילען גאר ארויסטרייבען די פרומע פון מזרחי. מען האט זיך א לאנגע צייט געקריגט, ביז מען האט געמאכט א פשרה, אז דער מזרחי צווינגט ניט די אגודות, מען זאל דווקא מאכען חברות פון ש"ס לערנען א. ז. וו. אבער דער מזרחי מעג דערמאנען די מזרחי'שע אגודות דעם נוצען פון א זעלכע חברות.

הרב יצחק נוסענבוים האט געשפראכען וועגען די פארשידענע געגנער און די פארשידענע טענות און ער האט אנגעגעבען דעם אופן ווי אזוי צו ארבייטען ענטגעגען די געגנער. ער האט געראטען, אז מען זאל זעהען זיך סטארען, צו מאכען א ציוניסטישע ישיבה. כדי צו ערציהען רבנים, וואס זאלען קענען זיין טאקי די אמת'ע פארשטעהער פון יודישען פאלק.

ד"ר אווינאוויצקי פון אדעסא האט אנגעגעבען די מיטעל ווי פארגרעסערען די הכנסה פון מזרחי, ער זאל האבען געלד, מיט וואס צו ארבייטען.

א ווארעמע טעלעגראמע האט מען אבגעשיקט קיין וויען צום דאקטאר הערצל. מען האט אויסגעקליבען איין ארגאניזאציאנס־קאמיסיע, וואס זאל אויסארבייטען דעם פראיעקט, ווי זאל זיך פיהרען ווייטער דער מזרחי, אין פערהעלטנים צו די אגודות און די אלגעמיינע

# שידוכים

(א שמועס).

א.

— וואס איז א שידוך?

— ווער ווייסט דאס נישט?

— ווי אזוי ווערד א שידוך אויסגעפיהרט?

— דורך א שדכן, וואס שלעפט צוזאמען א וואנט מיט א וואנט — דאס ווייסען אפילו קינדער אין די וויגען.

— וואס ווערד פון א שידוך?

— נאר נישט אדער א חתונה, דאס ווייסט אויך יעדער גאנץ גוט.

צי ווייסט אבער יעדער, ווי דאס הייסט אזוי שידוכים טון און אזוי חתונה האבען?...

מיר קענען דאס אלעם צו גוט, בעסער ווי א פרומער יוד „אשרי יושבי", מיר קוקען אויף דעם אלעם פון אונזער געבארענהייט אן, דארורך דאכט זיך אונז, אז דאס אלעם מוז זיין פונקט אזוי, ווי, למשל, דאס וואס מיר זעהען אויך אלע טאג, אז די זון געהט אויף אויף מזרח און נעהט אונטער אויף מערב... זאלען מיר זיך אבער א ווייל פארשטעלען, אז מיר ווייסען גאר נישט פון די הינע מנהגים: מיר זענען געקומען פון יענער זייט סמבטיון, א־ער פון אונטער די הרי חשך און מיר האבען אכסניא ביי א יוד, וואס האט ערוואכסענע קינדער. מיר זעהען, אז פון פריה־מארגען ביז שפעט ביי נאכט פערמאכט זיך די טיר נישט, איינער קומט נאך דעם אנדערען, מען סוד'עט זיך מיט דעם בעל־בית, מיט די בעל־בית'טע, מען טענה'ט שטילערהייט, מען ווערעלט זיך אפילו אויך.

— גזלן, רוצח! — הערען מיר איינצעלנע ווערטער — איך מיט איהם!...

— נאך הונדערט, צוויי־הונדערט רובל!

— געפעלט אייך נישט דער, האב איך איין אנדערען, נאר א פיינעם!

— אבער געלד!

— גאר איין אנטיק!

— א גרויסער מאן! עס פאסט פאר אייך נישט?

— עס שטעהט אייך נישט אן? ווער זענט איהר?...

ארגאניזאציע. מיטגלידער פון די קאמיסיע: הרב גליקסבערג, בראמזאהן, אסתרזאהן, מורנו און משה כהן. ווייל עס איז געווען שוין שפעט, האט מען דעם פראיעקט אנגענומען אהן ענדערונג. א קאמיסיע האט רעווידירט די קאסע־רעכנונג, וועלכע איז אויך געווארען בעשטעטיגט פון דער אספה, נאכדעם ווי די דעלעגאטען זענען געווען שוין אבגעמאטערט פון דרייטעגיגע ארבייט, אהן איין אויפהער כמעט, האט מען ענדליך געמאכט די וויבארעס צום קאמיטעט, וואס דארף פיהרען די צוקינפטיגע ארבייט, די מיטגלידער פון אלטען קאמיטעט האט מען איבער־א ניים אויסגעקליבען און צוויי פרישע מיטגלידער האט מען נאך צוגעגעבען, דאס זענען: הרב קאוואלסי פון וולאצלאוועק אין פוילען און בראמזאהן פון קאוונא.

מען האט געשלאסען די אספה 3 דעם זייגער ביי נאכט און מען האט געהאלטען ביים שליסען ווארעמע רעדען פאר דעם ציוניזם און זיינע הויפט־פיהרער און דער וויצע־פרעזידענט הער פינעס האט געזאגט די לעצטע ווערטער און האט געשלאסען די ערשטע יעהרליכע אספה פון "מזרחי". א גרויסען "הידד" האט דאס ארויסגערופען ביי אלע געסט, מען האט געזונגען ציוניסטיש׳ע לידער און מען האט נאך גערעדט אויף העברעאיש ביז שחרית. די קאמיסיע, וואס האט איינגעארדנעט די אספה מיט ה׳ שיינאק אין דער שפיצע האבען זייער ארבייט זעהר גוט אויסגעפיהרט און די דעלעגאטען האבען געהאט אלע בעקוועמליכקייטען.

די לידער ציוניסטען האבען נאך געמאכט א באנקעט, די טישען זענען געווען בעדעקט מיט פרוכט און כרמל-וויין (א בעזונדערע מתנה פון "כרמל" צו דער אספה) און מען האט געהאלטען רעדען און "טאאסטען" פאר דעם גליק פון יודישען פאלק, פאר דעם געזונט פון די הויפט־ציוניסטישע פיהרער און פאר די אייביגקייט פון דער יודישער אמונה.

אט אזוי האט זיך געענדיגט די ערשטע יעהרליכע אספה פון "מזרחי", וועלכע געהט אריבער שוין אין דער געשיכטע צום אנדענקען, פאר די צוקומענדיגע צייטען און דורות.

יעקב מורנו.

---

# בריף פון ליטא.

**ביאליסטאק**, איינע פון די גרויסע ליטווישע יודישע קהלות. פרוכט געהט דארטען אין דער פריה אויפ׳ן שוהל־הויף, וועט איהר זעהען ווי דער מסחר מיט׳ן דאווענען קאכט. עס קעהרט זיך א וועלט, און א פיער פינף יודען שטעהען און רייסען די דורכגעהער מיט אזא סארט פארשלאג: רבי יוד קומט צו מיר, ביי מיר זענען שוין פארהאן ניין מענשען, איהר וועט זיין א צעהנטער.

ביאליסטאק, איז איינע פון די גרעסטע שטעדט אין דער ליטא און פון דעסטוועגען קענען זיי ניט אויסהאלטען די שמשים פון דער גרויסער שטאדט־שוהל און פון די פיער קהל־שטיבלעך, וועלכע געפינען זיך ביי דער שוהל. זייער איינציגע פרנסה זענען די "יאהרצייטען", וואו זיי חאפען גאנצע זעכס אדער צעהן גראשען, און דאס איז זייער איינציגע הכנסה, וועלכע זייערע בעלי־בתים ערלויבען זיי צו האבען דאס הייסט, זיי מעגען בעטלען וויפיעל זיי ווילען און קענען, און "דערפון", האט מיר איינער פון די שמשים דערצעהלט א קרעכץ טוענדיג, "דארף איך נאך צאהלען וואכער דעם רבי׳ן, וואס לערענט מיט "זיי" ביי מיר אין קהל־שטיבל".

— קאן דאס זיין, אז אין אזא שטאדט זאלען די שמשים קיין אנדערע הכנסה ניט האבען און מיזען נאר אויסקוקען אויפ׳ן "מאכען"? און וואו זענען די גבאים? זיי פערשטעהען גאר ניט ווי שען אזא בעטלען איז?

אט זענען זיי!

---

פון דעם ערנסטקייט אויף די פנימ׳ער, בשעת דעם טענה׳ן, פון די מינעס, פון די פונקעלדיגע אויגען, פון דעם ווארפען מיט די הענט וועלען מיר פערשטעהן, אז דא האנדעלט זיך אין זעהר א וויכטיגען עסק, וואס וואלטען מיר אבער געזאגט, ווען מיר וואלטען געוואהר געווארען, אז דא געהט גאר אין א שידוך?...

— רבונו של עולם! — וואלטען מיר א ודאי אויסגעשריגען — היתכן? צוויי מענשען זאלען זיך פערבינדען אויף אייביג צוזאמען צו וואהנען, צוזאמען צו לעבען, צו טיילען זיך גלייך מיט אלעם: פריידען און ליידען, פערגעניגען און צרות; נאך מעהר: ווי אין חומש שטעהט געשריבען: "לבשר אחד" — איין קערפער, איין מענש און אפילו נאך מעהר: זיין "טאטע־מאמע" פון איינע און די זעלבע קינדער, וואס וועלען אריינגעראטען אין טאטען אדער אין די מאמע אריין, דאס הייסט, אז יעדער חתן און יעדע כלה מוזען פאראויס בעשטעהן צו האבען קינדער ווי יענער צד, און אזא ענין, וואס איז פיעל וויכטיגער, ווי אלע אנדערע ענינים אין לעבען, ווערד אויסגעפיהרט, ווי א נעוועהנליך געלד־געשעפט, דורך דינגען זיך ווי ביי א קוה פארקויפען, דורך ווילד פרעמדע מענשען, וואס מעהר ווי די מטבע אינטערעסירט זיי נישט!...

אבער נישט נאר ביי מענשען, וואס וואהנען אונטער די הרי חשך, נאר אויך ביי די, וואס מיר וואהנען מיט זיי צוזאמען שוין פיעל הונדערטער יאהרען, האבען מיר מיט אונזערע שידוכים א פנים ווי אמת׳ע משוגעים, אדער נאך ערגער: ווי אונמאראלישע מענשען!...

פאר עטליכע יאהר איז פארגעקומען פאר דעם סענאט אין פעטערסבורג אזוי א משפט: א שדכן האט אויסגעפיהרט א שידוך, און דוקא א רייכען; בלוים שדכנות־געלד, ווי דער מנהג איז, האט בעטראפען שענע הונדערטער. דאס פאר־פאלק איז אבער, כנהוג, דעם שדכן נישט זעהר דאנקבאר געוועזען און האט איהם דאס שדכנות־געלד נישט געוואלט בעצאהלען. דער שדכן האט אנגעקלאגט אין איין געריכט (סוד) — פארשפילט, אין צווייטען — אויך פארשפילט. איז ער געגאנגען צום סענאט.

ווייסט איהר וואס דער סענאט האט גע׳פסק׳עט?

א חרפה און א בושה...

שדכ׳ענען — האט דער סענאט ערקלערט — דאס הייסט ווירקען גייסטיג אויף איינעם, אז ער זאל חתונה האבען מיט איינער, אדער פערקערט — איז אונמאראליש. א מעשה־רע. חתונה האבען ברויך מען פון זיין אייגענעם רצון און נישט דורך דעם, וואס איין אנדערער שטעלט פאר, אדער דערצעהלט, און פאר א מעשה־רע קאן מען נאך די געזעצע קיין בעלאהנונג נישט פאדערען!...

א שבת אין דער פריה נאך שחרית, פאר קריאת התורה, געהט צו א יוד צום ארון הקדש אונ כמעט מיט א וויינענדיג קול זאגט ער: „יודען איך בין מעכב הקריאה; העכער ווי דריי חדשים, אז דער גבאי האט מיר שוין קיין שכירות ניט געגעבען, איך האב קיין ברויט ניט אין שטוב; יודען האט אויף מיר רחמנות, איך האב שוין קיין משכון ניט וואס צו פערזעצען".

דער יוד וואס בעט „רחמנות" אויף איהם צו האבען, דאס איז דער אונטער־שמש; (דעם אויבער־שמש איז ערלויבט צו מאכען געשעפטען מיט'ן דאווענען) ער נעמט א שכירות פון גאנצע דריי רובל א וואך, אונ דאס איבריגע „זאל איהם גאט העלפען".

הערענדיג די רעד פון שמש, וואס איז מעכב הקריאה, ענפערט נאך איינער א יוד, וואס שטעהט אויף זיין ארט אונ רעדט דאס כמעט פאר זיך ווייל ער שעמט זיך: „אונ איך האב שוין לאנג ניט וואס צו לעגען אין משכון; דאס ווייב בעט אויף חיונה, דער כאר פארן זינגען אונ דער גבאי ענפערט, אז ער דארף קיין חזנים ניט.

עס בלייבט ביים עולם אין שוהל, אז נאך שבת דארף מען געהן „אויסרעדען" דעם גבאי, ער זאל אזוי ניט פיהרען, מען נעמט אוים דאס ספר תורה אונ מען לייענט.

דער שוהל־גבאי אבער, דערצעהלט מען, איז אזא מענש, וואס האט ליב צו פיהרען ווי ער וויל, איהם העלפט „אויסריידען" ווי א טויטען באנקעס! זייט ביאליסטאק האט איהם דערקענט איז נאר מחלוקת אונ קריג אין שטאדט; אויף די כלי קדש איז ער אין כעס, ווייל זיי געבען איהם קיין כבוד ניט אב, אונ דערפאר רעכענט ער זיך מיט זיי, אונ וויל קיין שכירות ניט געבען.

עס זענען שוין געווען א זעלכע מעשים, אז די פאליציי האט זיך געמוזט נעמען צו שלום מאכ'ן, אונזער גבאי אליין האט ראש השנה צו מעריב אריינגעפיהרט פאליציי צו נעמען דעם בעל־תפלה פון עמוד: פאר וואס? דער בעל־תפלה איז דאך א גאנץ אנשטענדיגער מענש, א מרוצה לקהל?! איהם אבער אליין, דעם גבאי, האט ער זיך פארגעסען כבוד אבגעבען, אונ דערפאר איז ער ניט קיין שליח צבור אים ראש השנה; אזוי וויל ער.

נאך א געוויסע זאך, זאגט מען, האט דער גבאי געקאנט: ער האט געקאנט אנצעפען ביאליסטאק זיינס א גוט'ן ברודער פאר א מגיד, אונ האט איהם בעאויפטראגט מיט זיינע אינטריגען צו דערקאנטשען די מחלוקות אונ קריג אין שטאדט, וועלכע ער האט אנגעהויבען, אונ פאר איהם, ווי פאר זיינעם „א מענשען" האט ער שוין געקריגען פון וואנען שכירות צו צאהלען, אהן עכוב הקריאה; פאר וואס? ווייל די גאנצע שטאדט איז געווען דאגעגען!

א שען ביסל צרות האט די שטאדט אריבער געטראגען אונ טראגט נאך איצט פון דעם גבאי'ס גוטען ברודער: עס איז ניט צו פארזינדיגען, אלעס פארגעקומען, מעי האט ארעסטירט, מענשען זענען אין אסטראג געזעסען, אונ איינינע האבען דערפון געליטען אונ זעהר א שלעכטען סוף געהאט.

פאר וואס טון עפים ניט די „בעלי־בתים" אונ שטעהען פון ווייטען א זעלכעס צוזעהענדיג? ארט זיי דאס גאר ניט, וואס עס טוט זיך אין זייער שטאדט־שוהל?

די בעלי־בתים זענען פאריאגט, פארדרייט מיט דער זינדיגער פרנסה; די גבירים אונ נגידים זאגען, אז עס שטעהט זיי ניט אן אפילו דאווענען אין שוהל, דארטען וואו „אזא עולם" דאווענט, אונ מיט אזא בעל־הבת'ישען גאנג, ווייסט טאקי דער גבאי ווי זיך צו בענוצען, אונ טוט וואס ער וויל.

הליטאי.

---

בכן, מיר, וואס מיר האבען שוין פיעל הונדערטער יאהרען איין אונגעהייערע מוסר־ליטעראטור, האבען זוכה געוועזען, אז אנדערע ווייזען אונז אויף, אז מיר זענען גאר אונמאראליש!...

דאס ערגסטע איז, וואס זעהר פיעל וועלען דאס אלעס זיך גאר נישט צום הארצען נעמען, אפילו נישט פערשטעהן, פערקערט, נאך אלעם וועט מען ערשט פרעגען א הארבע קשיא:

— וואס דען? מען זאל זיך אפשר גאר אליין שדכ'ענען?

— אבער גוואלד! ווער רעדט אז נישט אליין? מיר ווייסען גוט ווי שלעכט א שותפות איז אפילו ביי א פשוט געלד־געשעפט, מיר ווייסען גוט ווי שלעכט עס איז שכנות צו וואהנען, אונ אזא מין שכנות, אזא מין שותפות — זאל קענען געמאכט ווערען דורך פרעמדע??!

מיר האבען פון אנדערע זיך אויסגעלערענט גלויבען אן שדים, טאטערם, ציגיינער, כשוף־מאכער, עין־הרע'ס אונ נאך טויזענטער אנדערע פיינע זאכען, אבער דאס וויכטיגסטע אין לעבען — נישט!...

מיר ווייסען גוט פון וואנען דער ארט שידוכים־טון וואקסט, עס איז נישט אזוי אין גאנצען ווי אנדערע'ג מיינען, אז מיר זענען אונמאראליש, אדער געלד־פרעסער, וואס זייער גאנץ לעבען איז מעהר נישט ווי געלד, אונ דעריבער ווערען אויך שידוכים ביי אונז געשלאסען נאר דורך געלד אונ מעקלערס, וואס פארדינען דערביי געלד. מיר ווייסען פארקערט, יודישע צניעות האט געבראכט דערצו, אז בחורים אונ מיידלעך, אדער פשוט זכרים אונ נקבות זענען געוועזען אונ זענען נאך היינט זיך אין פיעל ערטער ווי צוויי בעזונדערע וועלטען, וואס איינע קומט גאר נישט צו דער צווייטע; אונ דאדורך אז מען האט געוואלט די צוויי וועלטען צוזאמען ברענגען, האט מען געמוזט האבען פערמיטלער. דעריבער אויך האבען דעם עסק געשלאסען צווישען זיך, נישט חתן־כלה אליין, נאר מענשען פון איין וועלט: מחותנים, אונ אז שוין יא מחותנים, דאס הייסט עלטערן פון ביידע צדדים, פאר וואס זאלען זיי נישט זעהען מאטעריעליש זייערע קינדער צו פארזארגען? האט מען טאקי מעהר געשמועסט פון געלד ווי פון דעם קרן...

דאך אבער, חוץ דעם, וואס די צוויי וועלטען האבען שוין באלד אויפגעהערט זיך פרעמד צו זיין, מיזען מיר אויך געדענקען, אז „וואס צו — טויג אויף כפדות" — ווי די וועלט זאגט: צו פיעל צניעות ברענגט אויך מיט אונמאראליש לעבען. מיר קענען אויף דעם ברענגען טויזענדער ראיות פון אונזער איינען לעבען — מיר וועלען

# וואס ס'טרעפט זיך.

פון

מ. י. בערדיטשעווסקי.

ס'איז אמאל געווען א יוד, וואס האט געהייסען רב זנביל, רב זנביל איז געווען א גרויסער עושר און האט געהאט קינדער און קינד'ס קינדער, וואס זיי לעבען נאך עד היום אין ליפאוועץ און האנדלען מיט וואטען פון מרחקים. דער טעם פון וואטען איז, כדי מע זאל זיך דערפון מאכען צום ווינטער א וואטאווע לייבל, דעם יונגל, וואס געהט אין חדר א ריין וואטאווע מאיטקעס און דער פלוני'ת'טע אליין א וואטא־ווע קלייד. אז מע איז א נגיד, אז סע נאגט ביים הארצען און מע מוז דאך האבען א שטיקל טולופ, כדי ניט ארומצוגעהן גלאט קבצן, נייט מען אויבען ביים קאלנער פון בורנוס און אין די פעדערשטע פאלעס א פאס פוטער און פון אונטען שאט, שאט, א פלייצע פון גאלע וואטען. וואס איז אייך דער חלוק, אבי יענעם איז ווארעם.

שטעלען מיר די וואטען אויף א זייט און קערען מיר צוריק צו אונזער רב זנביל.

הייבען מיר אן פון אנהייב. נאך איידער רב זנביל האט געהאט קינדער, איז ער געווען א סך יאהרען א חשוך בנים. אין פלוג איז עס איין עולה פונ'ם רבונו של עולם; וואס האט ער צו רב זנביל'ן? א דאס פלעגט טאקי זיין ווייב חנה רייזיל צו וויינען פאר גאט. ווי אזוי זיי האבען דערנאך יא געהאט קינדער, אט פון דעם וועט די דאזיגע מעשה דערצעהלען. אז דער לעזער וועט דאס איבערלייענען און וועט ניט זעהען, אז פון דאנען איז געדרונגען השגחת הבורא, בין איך ניט א יוד, וואס טראגט בארד און פאות.

רב זנביל איז געווען דער זוהן פון בעריל טאבעס. א מאל, אז בעריל איז נאך געווען א וואסערפיהרער, האט מען איהם גערופען בערצי און מען איז מיט איהם געווען א ביסל מחולק, פאר וואס זיינע עמער רינען תמיד און פאר וואס ער ראגט ניט קיין וואסער פון דער ווייטער קרעניצע. אז ער איז אבער שפעטער געווארען א בעל הבית און האט גאר גענומען דאס אנדערע ווייב, א יודענע מיט שכל און א שטיק נבא'טע, איז ער געווארען אויף איינמאל בעריל טאבעס. טאבע האט זי געהייסען, וואס האט איהם געשטעלט אויף די פיס. און איהם ניט געלאזט רוהען, ביז ער איז ניט ארויף פון אונטען אין בית המדרש, וואו ער פלעגט צו דאווענען און האט זיך געקויפט א שטאדט אין שפיגעל־באנק צווישען גרונם לאקש און נטע שמעלקעס. גרונם לאקש האט פיינט געהאט נטע שמעלקעס כחתיכה דאסורה און פארקערהרט איז געווען נטע שמעלקעס א דם שונא גרונמ'ען פון תמיד אן. אזוי האט זיך איטליכער ביי זיך געפרייט, אז יענער וועט האבען א שכן א גראבען יונג. בעריל טאבעס האט געקוקט אין סדור אריין ווי א האהן אין בני אדם און אז ער איז געקומען אהיים, האט ער אויסגע־לאזט דאס הארץ צו איהר, וואס טויג איהם די שענע יודען. טאבע האט אבער ניט ליב געהאט א סך צו רעדען. דעמאלט איז שוין זנביל געווען א יונגל פון צעהן יאהר און אז זי פלעגט איהם צו געבען א גלעט, האט זי ביי זיך געמיינט, זוהניניו, זיי ניט אזא בור ווי דיין טאטע.

אז ער איז גרויס געווארען, האט חתונה געהאט און האט אנ־געהויבען צו האנדלען, האט זי נאך דערלעבט, אז מען האט איהם גערופען זנביל און ניט מעהר זנביל בערילס, א פנים מען האט דאס פארגעסען און ער איז שוין געווארען א יחוס עצמו.

צו וואס זאל איך מאריך זיין? זנביל איז שוין א יוד פון פער־ציג יאהר, זיצט אין מזרח־באנק און האט שוין געקריגען דעם נאמען רב זנביל, א שטיק עושר איז ער שוין דעמאלט געווען, חאטשע ער האט ניט געהאט א סך געלד. ליפאוועצער נגידים האבען אלע ניט וואס דער פסוק מיינט. אבער לייטיש זענען זיי, דאס קען קיינער ניט לייקענען.

---

נאך אפשר אמאל דערפון שמועסען — איצט אבער מיזען מיר זיך בעגניגען לאזען מיט דעם ענין, וואס מיר בעהאנדלען איצט — דעם ענין פון שידוכים.

מיר זעהען אלע גוט, אז דאס צו פיעל צניעות האט אונז גע־בראכט דערצו, אז מיר האבען חתונה דורך שדכנים. וואס שלעפען צוזאמען „אוואנט מיט אוואנט", צוויי גאנץ פרעמדע מענשען, וועלכע עס וואלט קיינמאל אויף די געדאנקען נישט געקומען, אז זיי וועלען אמאל איינס דאס צווייטע אזוי נאהנט זיין... די שדכנים ברענגען אויך דערצו, אז מיר טוהן שידוכים מיט די קינדער צו פריה, מחותנים און חתן־כלה האבען פיעל מאל צייט צו ווארטען, און ברויכען זיך נישט צו איילען. האט אבער דער שדכן קיין צייט נישט. ער ברויך צו פאר־דינען, בכן ארבייט ער אזוי לאנג, ביז ער פועל'ט. אז מען מאכט חתונה א טאכטער צו יונג מיט א בחור, וואס איז נאך פון מיליטער נישט בעפרייט און ווייסט נאך נישט ווי אזוי א גראשען צו פארדינען. דער שדכן נעהמט זיין שדכנות־געלד און חתן־כלה ליידען ווי לאנג זיי לעבען...

— אין דאך לעבען יודען בעסער מיט די ווייבער, ווי אנדערע, וואס שדכנ'ען זיך אליין! — וועט מיר נישט איינער ענטפערען.

אמת, ביי יודען איז טאקי וועניגער מחלוקת'ן צווישען מאן און ווייב, ווי ביי אנדערע. אבער צי שטאמט דאס פון דעם, וואס די שידוכים ווערען געטאן דורך שדכנים? עס זענען פארהאנען אנדערע סבות דערצו. די בושה איז ביי יודען גרעסער, הארעווען אויף ברויט מוז מען שווערער, מען האט פשוט קיין צייט נישט עוסק צו זיין אין עפיס אנדערש... שטעהענדיג אין קלייטל, אדער זיצענדיג ביים ווארשטאט שיטען זיך טאקי טויטע קללות, און פרעמד איז זיך טאקי מאן און ווייב פיעל מעהר ווי ביי אנדערע, וואס טון שידוכים נאר פון זייער אייגענעם רצון. והראיה: ווען און איבער וואס מאכען זיך דאס רוב מחלוקת'ן צווישען יודישע פאר־פעלקער? - באל'ד נאך דער חתונה — אין די חדשים, וואס הייסען ביי אנדערע „וויסע" — איבער עטליכע פאר רובל, וואס דער שווער האט „אבגעריסען" פון דעם נדן, איבער איין קלייד וועניגער צום אויסשטייער, וואס דאס ווייבל האט געהאט, איבער א קלענ־רע מתנה, א. ד. ג. און דאס הייסט ביי אונז גוטע זווגים!...

(ענדע קומט).

יזריאל.



וואלט רב זנביל געהאט קינדער, וואלטען איהם גאט און לייט מקנא געווען. מוז ער זיין א חשוך בנים. אז עס זענען אוועק געגאנגען צעהן יאהר נאך זיין חתונה און ער האט קיין קינדער ניט געהאט, האט מען אנגעהויבען שמועסען אין שטאדט: מסתמא וועט ער זיך גט'ען און וועט נעמען איין אנדער ווייב. רב זנביל איז אפילו געווען איין עהרליכער יוד און איז קיין מאל ניט עובר געווען אויף א דין. א דא אבער האט ער געמאכט א קנייטש, און אזוי זענען ווידער אוועק געגאנגען עטליכע יאהר.

ויהי היום, איז געקומען א רבי אין שטאדט אריין, דער סאוורא־גיער. איך האב געהערט, יודען זאגען, ס'איז ניט געווען דער סאווראניער נאר דער קארשעווער, ר' משה'לע קארשעווער. וואס זשע איז געווען אז דער רבי איז געקומען? יודען זענען געלאפען און האבען געגע־בען פדיונות. רבי זנביל איז אויך געגאנגען. ביי אזא זאך זאגט מען דעם רבי'ן צו ח"י מאל ח"י און מען האט א מופת. וועט איהר פרעגען: אדרבא, זאג צו! וועל איך אייך זאגען בסוד, אז רב זנביל האט שוין ניט איינמאל צוגעזאגט, מיינט איהר חס ושלום ער האט ניט אמונת צדיקים; אמונת צדיקים האט ער יא, אבער ער זאגט זיך: סוף כל דבר: אל תהי דוחק את השעה. אז דער אויבערשטער וואלט וועלען דיר געבען א זוהן, וואלסט דו געהאט א זוהן. והא ראיה, אז ס'איז געקומען דערצו, האט ער געהאט ניט איינעם נאר פינף. וואס זשע מאכט ער ביים רבי'ן? דער רבי האט איהם געשיקט רופען און האט געזאגט: זנביל, א יוד מוז האבען קינדער. אז דו האסט עס ניט זוכה געווען מיט דער, וועסט דו זוכה זיין מיט'ן צווייטען זווג. רבי, איך לעב שוין מיט מיין ווייב אכצעהן יאהר. — איך הייס דיר!

איך וויל אייך דערצעהלען בקצור. רבי זנביל האט זיך געמוזט גט'ען מיט חנה רייזל'ען. ער האט נאך געוויינט ביים רב אין שטוב.— אז ער האט געמאכט תנאים מיט זיינער א קרובה, איז שוין געווען אוועק געגא.גען דריי חדשים נאכ'ן גט. דער מחותן האט דוקא געוואלט מיט כלי זמר און באדעקענס, מיט אלע פישטאווקעס. מאלט אייך אויס, א יוד פון איבער פערציג א חתן! אז דער רבי אבער זאגט: נעם א מיידל. וואס טוט גאט? דארף די כלה שטארבען פאר דער חופה. ווייס איך? צוגעקיהלט, יודישע זאכען. נאך שלשים האט ער זיך גע־נומען טראכטען: זנביל, דאס איז מן השמים. ער איז אריבערגעפאה־רען אין יענער שטאדט אריין, וואו זיין ווייב חנה רייזל האט געוואהנט ביי א שוועסטער און האט מיט איהר צוריק חתונה געהאט. א זיבעטל איז געווען דאס ערשטע קינד. דאס אנדערע איז געבארען אין אנ־דערטהאלבען יאהר ארום. אזוי זענען זיי געקומען אלע פינף, איינער נאכ'ן אנדערען.

---

# פון לעבען.

(ערצעהלונג).

ווארשא. אין ליטווישען קלייזעל אויף נאלעווקעס איז קאלט, שמוציג און שטיל ווי אין א קבר. עס איז שוין כמעט קיינער ניט דא. דער זייגער האט שוין לאנג געקלונגען 11, דער טויער איז שוין צו געמאכט, און די אלע אומגליקליכע נפשות, וואס קומען אפט אריין אין קלייזעל, ווער אנווארמען זיך, ווער אפרוהען א ביסל די קראנקע אויסגעמוטשעטע פיס, ליגען שוין לאנג ערגעץ אויף די בוידעמס אדער אין די קעלערס.

די נאלעווקעס וועלט, וועלכע איז דאכט זיך געבויט אויף פרונזשינעס, וועלכע ארבייט אזוי פיבעריש, ווערד דאך ענטשלאפען נאך האלבער נאכט און דאס קלייזעל רוהט אויף א ציינד, כדי עס זאל מארגען פון גאנץ פריה ביז 11 ביינאכט ווייטער קענען אריין נעמען אין זיך די אלע אומגליקליכע, הונגעריגע און שלעפריגע.

עס איז פינסטער. אין א ווינקעל צאנקט דער „נר תמיד".

הינטער דעם עמוד זיצען צוויי מענשען שטארק פערטראכט.

די צוויי זענען ברידער און האבען איצט איין ענין, איבער וועלכען זיי האבען שוין פיעל געטראכט. און וועלען נאך לאנג טראכטען, וואס מעהר זיי טראכטען וועגען דעם ענין דאס מעהר ווערד איינער מרה־שחורה'דיגער און דער צווייטער פערקעהרט — פרייהליכער.

דער עלטערער ברודער איז א מעניש, וועלכער איז דורכגעגאנגען אלע שבעה מדורי גיהנם. ער האט שוין, ווי מען זאגט, איבערגעטאן כל עבודת פרך: ער איז געווען א שוחט אין קאווקאז, א מלמד אין וואלין א פאדראטשיק אין קרים, א מעהל קאמיסיאנער אין ווארשא; נאכדעם א שדכן, א חזן, א קארעספאנדענט אין א יודישער צייטונג און פון די אלע גליקען איז ער גאר לסוף געווארען שמש אין דעם קלייזעל, וואו ער זיצט. זיינע אומגליקען אין לעבען האבען איהם געמאכט פאר א מענ־שען־פיינד. עס ווייזט זיך איהם אויס, אז אלע שוחטים, מלמדים, קאמיסיאנערען האבען איהם, וועלכער פארשטעהט מעהר פון זיי אלע, בע'גזל'ט. ווען ער זאל נאר קענען וואלט ער מיט פערגעניגען ביי יענעם צונעהמען, ווארען עס איז גאר ניט יענעמס, ער וואלט נאר אבגענומען זיינס. ער האט אויך פארגעניגען, אז ער זעהט, אז יענער ליידט. אונזער שמש איז ווי מען רופט דאס היינט א רעאליסט.

דער יונגערער ברודער איז פונקט דער היפך. ער קוקט גאר אויף דער וועלט מיט אנדערע אויגען, איהם קומט אויס, אז אלע מענשען זענען גוט און פרום, ז.ז יעדער מענש דארף לעבען פאר יענעם מעהר ווי פאר זיך. האט איהם עמיצער געטאן א מאל א רעה, האט ער אויף יענעם קיין שנאה, ער איז אויף איהם מלמד זכות, מן הסתם האט ער עס געמוזט אזוי טון, האט יענער באמת געזינדיגט, איז דא א שופט צדק, וואס וועט איהם דערפאר בעשטראפען. פון קנאה איז ער ווייט. גימפעל איז רייך, זרח פארדינט א סך געלד, גאט האט זיי געהאלפען, מן הסתם האבען זיי דאס פארדינט, אויב נישט אין זייער אייגענעם זכות, איז אין זכות אבות; איהם פערלאזט גאט אויך נישט, ער פארדינט נישט פיעל, ווייל ער דארף נישט פיעל, גאט גיט קעלט נאך די קליידער נאך, יענע זענען גרויסע בעלי הוצאות שיקט זי' גאט צו מעהר פרנסה, ער דארף נאר 22 גראשען א טאג אויף מיטטאג, 15 גולדען א חדש פאר קוואטיר און נאך א 10 גולדען א חדש אויף אנדערע הוצאות, שיקט איהם דאס גאט צו, ער האט זיך נישט אויף וואס צו בעקלאגען.

און בכלל איז ניט די וועלט דער עיקר, נאר יענע וועלט.

און אין יענע וועלט גלויבט ער שטארק און אלץ וואס גוטע פרומע לייט זאגען איז ביי איהם קודש.

קורץ דער יונגערער ברודער איז וואס מען רופט היינט איין אידעאליסט.

און ביידע ברידער קלערען איצט וועגען די 2000 רובל.

מיט די 2000 רובל איז אזא מעשה.

א סוחר האט אברהמ׳קען (אזוי הייסט אונזער אידעאליסט) געשיקט אין באנק אבנעמען 1000 רובל און דער קאסיר פון באנק האט איהם על פי טעות אנשטאט 1000 רובל געגעבען 3000 רובל.

— פאני קאסיר, איהר האט זיך טועה געוועזן, איהר האט מיר געגעבען מעהר געלד.

דער פאן קאסיר וויל איהם אבער גאר נישט הערען, און טאמער געהט אברהמ׳קע נישט באלד אוועק זודעלט ער איהם נאך אן.

— וועסט נישט געהן א היים זלידנער יוד?

און אברהמ׳קע געהט א היים א צעטומעלטער.

— ער זודעלט זיך גאר — טראכט זיך אברהמ׳קע און עס ווערד ביי איהם א היתר, דאס הייסט נישט ביי איהם קיין גנבה, דאס איז א כשרה מציאה.

און אברהמ׳קע מאכט שוין מיט דעם געלד א חלוקה, דעם ברידער, דעם שמש, וועט ער געבען 300 רובל, זאל ער אוועקוווארפען דאס שמשות, זאל ער זיך א ביסל צעפיהרען די הענט; דער שוועסטער, א בתולה שהגיעה לפרקה, א דערוואכסענע בתולה אין די יאהרען, 400 רובל און אויף רבי מאיר בעל הנס אויך 300 רובל. נאר דערווייל האלט ער עס בסוד.

אין א פאר טאג ארום איז אברהמ׳קע נאך א מאל געקומען אין באנק.

דארטען איז א גאנץ איבערקעהרעניש — דעם געוועזענעם קאסיר האט מען פון דער שטעלע אבגעזאגט, מען האט געמאכט אויף איהם א פראצעס דערפאר, וואס איהם ה.ט געפעלט צו דער קאסע 2000 רובל.

הערענדיג די מעשיות האט זיך ביי אברהמ׳קען עפיס אין הארצען אבגעריסען. וואס טוט מען? זאל ער זיין דער שוחט פון א גאנצע פאמיליע? זאל צוליב איהם א גאנצע פאמיליע לייעדען הונגער? זאל ער אראב שלינגען פרעמד געלד, גנב׳יש געלד?

און ביידע ברידער קלערען, אבגעבען דאס געלד אדער נישט?

— זיי נישט קיין וצדקתך, יענער וויל נישט צוריקנעמען דאס געלד, ביזט דו נישט מחויב איבער געוואלד איהם צוריקאבגעבען.

— עס איז אבער פרעמד געלד.

— פרעמד, איינעם — ווער קוקט דערויף היינטיגע יאהרען.

— איך וועל פרעגען דעם רב.

— טא וואס פרעגסט דו מיך? געה צום רב.

און אברהמ׳קע לויפט צום רב און דערצעהלט איהם די גאנצע מעשה, ווי פאר דעם האט איהם דער קאסיר אנגעזי־עלט, דערנאך איז ביי איהם אליין רעכט געוויארען דאס געלד נישט אבצוגעבען און ווי היינט האט ער שטארק רחמנות אויף דעם קאסיר, ער איז נעבעך געבליבען אהן ברויט.

— יישר כחך! — זאגט איהם דער רב. — דו וועסט מקדש השם ברבים זיין, אלע גאזעטען וועלען דאס אבדרוקען, איך וואלט וועלען האבען א חלק אין דער מצוה.

און מיט א גרינג הארץ, מיט א ריינעם געוויסען האט אברהמ׳קע אוועקגעטראגען אין באנק די 2000 רובל.

און אברהמ׳קעס הוצאה ווערד פון יענער צייט גרעסער, א חוץ די 22 גראשען ווערד ער א בעל הוצאה אויף נאך 10 גראשען א טאג און גאט בעשערט איהם דארויף אויך. ער קויפט יעדען טאג א גאזעטע, וואו עס דארף זיין געדרוקט די מעשה מיט די 2000 רובל, וואו ער איז מקדש השם.

און געדרוקט מוז עס א מאל זיין, ער איז זיכער אין דעם. דער רב האט דאך אליין געזאגט...

א. ליפאוויצער.

---

# דאס לעבען זיך נעמען.

(פארטזעצונג).

פון די דינים און געזעצע וועגען זעלבסט־מארד אין די פאר־צייטיגע דורות קאן מען פארשטעהן דעם חאראקטער פון די דענסט-מאליגע זעלבסט־מארדען. אין גריכענלאנד האט קיינער נישט געטארט זיך נעמען אליין דאס לעבען, ווייל דער מענש האט דענסטמאל נישט געהערט זיך אליין. ער האט געהערט צום כלל און האט דעריבער אויף זיך אליין קיין דעה נישט געהאט. די וואס האבען זיך אליין ממית געוועזן האט מען מקבר געוועזן קבורת חמור. אין רוים אבער איז דער זעלבסט־מארד געוועזן זעהר געאכט. א חרפה איז נאר געוועזן, ווען איינער האט זיך אליין דאס לעבען גענומען, ווייל ער האט מורא געהאט פאר א שטראף. די אמונות פון בראהמא און בודהא אין חינא האבען געזוכט צו פארגרעסערען דעם זעלבסט־מארד וואס מעהר. די יודישע אמונה וויל פארהיטען און פארקלענערען דעם זעלבסט־מארד, פונדעסטוועגען איז די יודישע געשיכטע רייך מיט פאקטען פון זעלבסט־מארד צוליב דעם גלויבען. צעהנדליגע טויזענטער יודען האבען זיך אליין געשאכטען, אין פייער געווארפען און נאך אנדערע מיתות אנגעטאן, אבי נישט איבערגעהן אין איין אנדער גלויבען, אדער עובר זיין איינע פון די הארבסטע עברות, ווי עבודה זרה, שפיכות דמים וכדומה. עס איז אבער לויט דעם יודישען דין שטרענג פארבאטען צו זיין א מאבד עצמו לדעת. ווער עס נעמט זיך אליין דאס לעבען איז מען איהם מקבר מיט גרוים בזיון, מען לעגט איהם ביים פארקען, לויט דעם תלמוד פארשפיעלט א מאבד עצמו לדעת זיין חלק לעולם הבא און וועט נישט אויף שטעהן קיין תחית המתים. דער

מאחמעדאנישער גלויבען האט אויך געאסרט דעם זעלבסט-מארד. דאס קריסטענטהום אין די שפעטערע צייטען איז אויך געווען געגען זעלבסט-מארד אונ האט דאס געהאלטען פאר א גרויסע עברה. די מענשען, וועלכע מען האט נישט דערלאזען זיך אליין אנצוטון א מיתה האבען געמוזט לעבען אבגעזונדערט פון דער וועלט אין דעם קלויסטער אונ האבען געמוזט פארברענגען זייער גאנץ לעבען אין תשובה. אין די מיטלערע יאהרהונדערטען פלעגט מען מקבר זיין די מענשען, וועלכע האבען זיך זעלבסט גענומען דאס לעבען, צוזאמען מיט א נבלה.

היינט איז אין גאנץ איראפא, א.חוץ ענגלאנד, דער זעלבסט-מארד נישט גערעכענט פאר קיין פארברעכען, ווייל יעדער מענש איז איבער זיך א בעל דעה, דער מענש געהערט זיך אליין אונ מעג מיט זיך טון וואס ער וויל, קיין שטראף איז אויך נישט שייך ביי דעם זעלבסט-מערדער, ווייל דער מת פיהלט דאך נישט די בזיונות וואס מען טוט איהם אן.

אין רוסלאנד האט זיך אין די צייטען פון פעטער דעם גרויסען, דער זעלבסט-מארד גערעכענט פאר זעהר א גרויסען חטא. דער סאלדאט, וואס האט זיך געוואלט ממית זיין אונ עס איז איהם נישט גע-ראטען, האט בעקומען מיתה. נאך עד היום איז אין רוסלאנד דאס געזעץ, אז פאר זעלבסט-מארד קומט דעם געשטארבענעם ער זאל נישט האבען קיין בכבוד'ע קבורה, אונ זיין צוואה האט קיין שום ווערט נישט.

פון דעם, וואס כמעט אלע רעליגיאנען האבען ארויסגעגעבען געזעצע געגען דעם זעלבסט-מארד, זעהען מיר, אז נאך גאר פאר-צייטען האט דער זעלבסט-מארד עקסיסטירט ביי אלע פעלקער אונ האט שטארק בעשעפטיגט די גאנצע געזעלשאפט, מיר זעהען דער-פון, אז שוין דענסטמאל האט מען געזוכט מיטלען ווי אזוי מלחמה צו האלטען מיט דעם זעלבסט-מארד. די אלע מיטלען האבען אבער גאר נישט געהאלפען, ווייל די סבות פון זעלבסט-מארד, ווי מיר וועלען שפעטער אויסווייזען וואקסען טיעף פין לעבען ארוים אונ דאס וואס דאס לעבען ברענגט מיט, קענען קיין דינים אונ גזרות נישט מבטל זיין. דער זעלבסט-מארד ווערד פון יאהר צו יאהר גרעסער, די צאהל פון זיינע קרבנות—אלץ מעהרער אונ מעהרער אונ די אלע געזעצע אונ מיטעל געגען איהם הויבען נישט אן צו ווירקען.

וואס איז די סבה דערפין ?

דאס לעבען פון מענשען בעשטעהט פון טויזענטערליי סבות אונ דער טויט פון מאנשען בעשטעהט אויך פון טויזענטערליי סבות. ווער עס וויל פערשטעהן דעם זעלבסט-מארד, מוז פריהער שטודירען די סבות, וואס ברענגען דערצו, מוז פארשטעהן דאס לעבען מיט זיינע טויזענטערליי פארשידענהייטען.

שוין דער פארצייטיגער מענש האט באלד ווי ער האט נאר אנגעהויבען עפיס צו בעדארפען, געמוזט האלטען מלחמה, אלין וואס ארום איהם האבען זיך איהם ווי דם שונאים געשטעלט אנטקעגען, די גאנצע בריאה, די גאנצע נאטור האט ער געמוזט מנצח זיין, אנדערש האט ער נישט געקאנט בעקומען מיט וואס זיין לעבען צו דערהאלטען. דורך דער שווערער מלחמה מיט דער נאטור, מיט די חיות רעות האבען זיך די הצטרכות ביי דעם מענשען אלץ פארגרעסערט. דער מענש קאן זיך שוין נישט מעהר בעגניגען דערמיט, וואס זיין גוף האט אלץ וואס עס בעדארף, ער פארלאנגט אויך שפייז פאר דער נשמה. דורך דער שפראך וואס דער מענש האט אנגעהויבען רעדען האט זיך זיין גייסט, זיין נשמה אלץ מעהרער אונ מעהרער ענטוויקעלט אונ וואר מעהר דער גייסט ווערד ענטוויקעלט מעהר נאהרונג דארף ער· די גע פיהלען ביים מענשען ווערען אלץ שטארקער אונ שטארקער אונ מיט זיי ווערען אויך שטארקען זיינע הצטרכות אונ פארלאנגען. דער היינ-טיגער געבילדעטער מענש קאן אבער נישט בעקומען אלץ וואס זיין גייסט פאדערט, ווי דער פערצייטיגער ווילדער מענש האט בעקומען דאס וואס זיין גוף האט געפאדערט. דער ווילדער מענש האט דאס רוב הצטרכות בעקומען מיט די ארבייט פון די הענט, פיס, צייהן וכדומה, אונ זעלטען, אז ער האט געארבייט מיט דעם מוח, מיט דעם שכל. דער היינטיגער געבילדעטער מענש מוז אבער כמעט אלץ ארבייטען מיט דעם שכל, זעהר איין אידלער כלי זיין, וואס ווערד לייכט צעבראכען, בפרט נאך ביי היינטיגע געשלאגענע יאהרען. ווען עס איז אזוי שווער צו בעקומען די פארשידענע הצטרכות, וואס דער ענטוויקעלטער מענש בעדארף. דער צער פון דעם געבילדעטען מענש, וואס זיינע געפיהלען פארלאנגען א סך אונ ער האט עס נישט בכח צו דערלאנגען, פארביטערט איהם דאס לעבען אונ ווארפען אויף איהם ארויף א מרה-שחורה, עס ווערד איהם נמאס דאס גאנצע לעבען, ער ער פארליערט די האפנונג, אז עס קאן אמאל בעסער ווערען אונ ער נעמט זיך דאס לעבען. דער ווילדער נישט ענטוויקעלטער מענש ווייסט אבער נישט פין אזא צער, פאר זיין נשמה דארף ער גאנץ ווייניג; דער עיקר איז ביי איהם די צרכי הגוף אונ בעקומט ער זיי איז ער איבער גליקליך. אין א ל ז ש י ר (אפריקא, וואס געהערט היינט צו פראנקרייך) וואהנען בעדואינען אונ מוירען, וועלכע קומען ארוים פון די אראבער אין קליין אזיע. פריהער, איידער זיי האבען געהערט צו פראנקרייך, האבען זיי געלעבט רוהיג אונ צופריעדען. אזוי ווי די אנדערע אזיאטישע פעלקער, אונ האבען דענסטמאל כמעט נישט געוואוסט פון זעלבסט-מארד, היינט אבער, אז אלזשיר איז געווארען א פראנצויזישע פראווינץ אונ די בעדואינען האבען זיך אנגעהויבען בילדען, ווערד דער זעלבסט-מארד דארטען אלץ מעהרער. די סבה דערפון איז, וואס די בילדונג האט אין זיי אויפגעוועקט נייע הצטרכות, נייע תאוות, וועלכע זיי קענען נישט אויספיהרען אונ דעריבער נעהמען זיי זיך דאס לעבען. דעם אייגענעם חלוק זעהען מיר צווישען די גרויסע שטעדט אונ פראווינץ-שטעדטלעך. אין די ערשטע איז דער זעלבסט-מארד שטארק ענטוויקעלט אין די לעצטע—זעהר ווייניג.

אמת, אז בטבע וויל דער מענש זיך פארהיטען דאס לעבען, דאס ליגט שוין אין דער טבע פון יעדען בעל חי, אבער דער גייסט פון מענשען איז אמאל שטארקער פאר זיין אינסטינקט, פאר זיין טבע.

וועלכע סבות ברענגען אבער דעם מענשען צו אזא שרעקליכען בעשלוס ווי דער זעלבסטמארד ?

א לאנגע צייט האט מען גערעכענט, אז דער זעלבסט-מארד

קאן זיך טרעפען נאר ביי מענשען, וואס זענען נישט מעהר ביים קלארען שכל, היינט אבער ווייזען פיעל געלערנטע אויף פאקטען, אז אפט בעגעהען מענשען א זעלבסט־מארד אויך ווען זיי זענען ביים גאנצען שכל.

די סטאטיסטיק בעווייזט, אז אין דעם לעצטען יאהרהונדערט איז די צאהל פון זעלבסט־מארדען שרעקליך פערגרעסערט געווארען. פון יאהר 1827 ביז 1830 זענען געוועזען אין פראנקרייך אויף יעדע מיליאן איינוואהנער 54 זעלבסט־מארדען יעדעם יאהר. פון 1856 ביז 1860 — 110 יעדעם יאהר, פון 1886 ביז 1890 — צו 216 זעלבסט־מארדען אלע יאהר און ביז 1892 242 אלע יאהר. דאס אייגענע בעמערקט מען אויך אין די איבריגע לענדער. די יונגע וויסענשאפט סאציאלאגיע (די לעהרע פון דעם מענשענס לעבען) האט זיך נאך ווענינ בעשעפטיגט מיט די סבות פון דעם זעלבסט־מארד און ביז היינט איז נאך ניט אויפגעוויזען געווארען, ניט די אלגעמיינע סבות און נישט דאס אלגעמיינע געזעץ, וואס ווירקט אויף דעם זעלבסט־מארד אין דער גאנצער וועלט.

איינינע געלעהרנטע האבען ביז נישט לאנג גערעכענט, אז דער קלימאט שפילט די גרעסטע ראלע אין די סבות פון זעלבסט־מארד. די סטאטיסטיק בעווייזט אבער, אז דאס איז נישט אין גאנצען ריכטיג. די צאהל פון די זעלבסט־מארדען בייטען זיך זעהר שטארק אין איין און דעם זעלבען ארט און אפילו אין איין לאנד.

די גזע, דאס אבשטאמונג שפילט אויך נישט די גרעסטע ראלע אין די סבות פון דעם זעלבסט־מארד. אין נארוועגען, למשל, זענען דא 65 זעלבסט־מארדען אויף איין מיליאן איינוואהנער, אין שוועדען — 125, און אין דענעמארק 121 זעלבסט־מארדען, חאטש די דאזיגע פעלקער שטאמען אלע אב פון איין גזע. עס איז אלזא נאך אלץ נישט אויפגעוויזען געווארען די אלגעמיינע סבה פון זעלבסט־מארד. נאר איין זאך זעהט מען קלאר, אז אזוי ווי דאס לעבען פון דעם מענשען איז ניט אומעדום גלייך, אזוי איז דער טויט ביי דעם מענשען נישט אומעדום גלייך, ווייל ביים לעבען ווי ביי דעם טויט ווירקען פערשידענע סבות. אלע אומשטענדע אין לעבען ווירקען אויף די צאהל און דעם כאראקטער פון זעלבסט־מארד, ווי די רעליגיאן, די נאציאן, דער בילדונגס־צושטאנד, דער מין (א מאנסביל צי א פרוי), דאס עלטער, די צייט פון יאהר (זומער אדער ווינטער), די שעה פון טאג, די פרומקייט, דאס פאמיליען־לעבען, דער עקאנאמישער צושטאנד וכדומה.

יעדע איינציגע זאך בעזונדער ווירקט אנדערש אויף דעם זעלבסט־מארד.

די עקאנאמישע פערהעלטניסע שפילען אין די לעצטע צייטען זעהר א גרויסע ראלע אין דעם גייסטיגען לעבען פון יעדעם פאלק. די שטארקע נויט, דער שרעקליכער עלענד, וואס מען בעגעגענט היינט אומעדום, דער גרויסער תהום, וואס טיילט אב ארים פון רייך, דאס וואס איינער האט צופיעל און דער אנדערער צו ווענינ, ווירקט געוויס זעהר שטארק אויף דעם מענשען און ער טוט מחמת דעם אזוינע מאוס'ע מעשים, וואס צוליב דעם בעגעהט ער דערנאך א זעלבסט־מארד. די נייע מאשינען, וואס נעמען אוועק ברויט פון טויזענטער מענשען, די גרויסע פאבריקאנטען, וואס שלינגען איין די קלענערע, די „טרוסטען", די שותפות געשעפטען, וואס די מיליארדער שליסען צווישען זיך, דערווערגען די מיטלערע סוחרים. טויזענטער מענשען, וואס האבען נעכטען גאנץ שען געלעבט, זענען איבער נאכט געווארען בעטלערס, מענשען, וואס ביי זיי איז א פרעמדער גראשען טרפה, ווערען באנקראטירערס און מיזען איבערפיהרען פרעמד געלד און זיי קענען די חרפה נישט אריבערטראגען. אז די געשעפטען געהען נישט גוט, ווערד דער שלום בית אויך צעשטערט, דער מאן לאזט אויס דאס ביטער הארץ צו דעם ווייב, צו די קינדער. אט אזוינע עקאנאמישע פערהעלטניסע פערגרעסערען די צאהל פון די זעלבסט־מארדען.

מען קאן אבער נישט אננעמען די מאטעריעלע נויט פאר די גרעסטע סבה וואס ברענגט צום זעלבסט־מארד, ווייל יעדער זעלבסט־מארד קומט געוועהנליך ארויס מעהר דורך גייסטיגע סבות אלס דורך מאטעריעלע. נישט דורך צרות, וואס דער גוף ליידט, נאר דורך צרות, וואס די נשמה, דאס געפיהל פון מענשען ליידט, קומט ער צו א זעלבסט־מארד. די עקאנאמישע פערהעלטניסע, ווי ארימקייט, נויט און דאס גלייכען, ווירקען נאר אזוי פיעל, אז זיי שוואכען אב דעם גייסט פון מענשען און זיין געפיהל, אז ער קאן דערנאך נישט אריבערטראגען קיין גייסטיגע צער און יסורים.

א סך קענען מיר לערנען פון דער סטאטיסטיק, וועלכע ווייזט אונז דעם חלוק פון די זעלבסט־מארדען צווישען גרויסע און קליינע שטעדט. אויף די שטאדט לאנדאן קומט אויס 22% זעלבסט־מארדען, אין פערגלייך מיט די זעלבסט־מארדען מיט די קלענערע שטעדט. אין בערלין 83%, אין וויען 19%, אין פאריז 101% און אין פעטערסבורג 263%. פון דעם קאן מען אויך זעהען ווי גרויס עס איז דער חלוק פון דעם קליינשטעדטלדיגען לעבען ביז דעם גרויסשטעדטישען אין יעדעם לאנד בעזונדער. אין לאנדאן איז דער אונטערשיד צום וועניגסטען און אין פעטערסבורג צום מעהרסטען.

די צייט פון יאהר און אפילו די שעה פון טאג האט אויך א געוויסע ווירקונג אויף דעם זעלבסט־מארד. פון דער אלגעמיינער סטאטיסטיק זעהען מיר, אז אין גאנץ אייראפא פערגרעסערט זיך יעדעם יאהר די צאהל פון זעלבסט־מארדען פון דעם חודש יאנואר ביז יוני, און פון יולי ביז דעצעמבער ווערען די זעלבסט־מארדען וועניגער. און אזוי ווי די גרעסטע היצען זענען אין יולי און אווגוסט און די גרעסטע קעלטען אין יאנואר און נישט אין דעצעמבער, זעהען מיר, אז די ווירקונג פון זומער און ווינטער צייט אויף דעם מענשען, וואס וויל זיך נעמען דאס לעבען איז נישט קיין גאנץ גרויסע, געוויס ווירקט דער זומער אביסל שטארקער, דען דענסטמאל זענען די געפידלען בכלל מעהר אויפגעוועקט אלס אים ווינטער. די צאהל פון ליכטיגע שעות אין יעדען טאג ווירקט אויך אויף די צאהל פון די זעלבסט־מארדען. די גרעסטע צאהל זעלבסט־מארדען טרעפען זיך אין די

לענגסטע טעג פון יאהר, על פי רוב טרעפען זיי זיך ביי טאג אדער פאר נאכט, אונ נאר 1/4 פון אלע זעלבסט־מארדען טרעפען זיך שפעט ביי נאכט. די צייט פון יאהר, די צייט פון חודש, פון וואך — דאס האט אלץ א געוויסע ווירקונג אויף די מענשען, וועלכע נעמען זיך אליין דאס לעבען. אבער די גרעסטע סבה, וועלכע ווירקט אויף אלע זעלבסט־מארדען, איז נאך לעת עתה נישט אויפגעוויזען.

א גרויסע ראלע אין די זעלבסט־מארדען שפילט די רעליגיאן.

דער שטארקער גלויבען אליין האט בכח צו הערשען איבער דעם מענשענס רצון, ווייל דער גלויבען הערשט איבער אלע זיינע תאוות. ווי שלעכט, ווי ביטער דאס לעבען זאל נישט זיין פאר דעם מענש, קאן ער דאך געפינען א שוץ אין זיין גלויבען. אין קארסיקא אונ נאך אנדער'נ געגענדען פון פראנקרייך, וואו די איינוואהנער זענען געבליבען טריי זייער גלויבען, איז זעהר קליין די צאהל פון זעלבסט־מארדען, אונ פארקעהרט, אין אנדערע ערטער, וואו עס זענען מעהר געבילדעטע מענשען, וועלכע גלויבען אין גאר נישט, איז די צאהל פון זעלבסט־מארדען זעהר גרויס. עס איז אבער א גרויסער טעות, אז מיר וועלען רעכענ'ען, אז נאר די אמונה אין גאט קאן מציל זיין די מענשהייט פון זעלבסט־מארד. דאס לעבען פון דעם מענשען הענגט אב נישט פון דער אמונה אליין. פיעל מעהר איז די אמונה אבהענגיג פון דעם מענשענס לעבען. פיעל געלעהרנטע בעווייזען, אז די ענטוויקעלונג פון די פעלקער האבען זיי געבראכט צו זייערע אמונות אבער נישט די אמונות האבען געבראכט די פעלקער צו זייער ענטוויקעלונג. פון דעם וואס די האלב־געבילדעטע צעבראכענע מענשען זענען נישט פרום איז נאך קיין ראיה נישט, אז דאס נישט גלויבען אין גאט ברענגט צום זעלבסט־מארד, עס זענען דא נאך א סך אנדערע סבות, וואס פעריאגען דעם מענשען פון לעבען.

ווען מיר זאלען בעטראכטען די צאהל פון די זעלבסט־מארדען ביי פארשידענע אמונות, געפינען מיר נישט, אז דער פארשידענער גלויבען אין גאט זאל מאכען צווישען זיי א גרויסען אונטערשיד. נישט דער גלויבען אין גאט ווירקט אויף די צאהל פון זעלבסט־מארד, נאר דער גאנצער צושטאנד פון דעם מענשען. אין פינלאנד אונ אין שוועדען, למשל, וואו דער גלויבען איז דער זעלביגער איז פונדעסט־וועגען א גרויסער חילוק אין די צאהל פון זעלבסט־מארד, אין פינ־לאנד איז די צאהל פון די זעלבסט־מארדען צוויי מאל אזוי פיעל ווי אין שוועדען. אין גאליציע אונ אין אונגארן איז דא אויף איין מיליאן יודישע איינוואהנער 20 זעלבסט־מארדען, אין בעהמען — 80, אין בייערען — 140. אין פרייסען איז ביז דעם יאהר 1872 געוועזען יעדעס יאהר ביז 69 זעלבסט-מארדען ביי קאטויליקען אונ ביז 96 ביי יודען. פון די שפעטערדיגע ציפערען וועלען מיר קענען געפינען נאך פיעל ראיות, וועלכע בעווייזען, אז ביי דערזעלביגער רעליגיאן איז גאנץ אנדערש די צאהל פון די זעלבסט־מארדען. אויך בעמערקען מיר, אז די צאהל פון דעם זעלבסט־מארד איז גרויס ביי א פאלק פון א קליינע, שוואכע אמונה, וואס לעבט צווישען א פאלק פון איין אנדערע אמונה, וועלכע איז גרעסער אונ שטארקער פאר איהם, ווי, למשל, ביי די וועניג יודען. וואס לעבען צווישען קריסטען, ביי וועניג סלאווען, וואס וואהנען צווישען א סך מאהמעדאנער אונ ביי וועניג קאטויליקען, וואס וואהנען צווישען א סך פראטעסטאנטען. די מעהרהייט, וואס האט די ממשלה, דריקט אונ רודפ'ט די קלענערע ביסל, אונ צווישען דעם קלענערען טייל מיזען זיין מעהרער דערשלאגענע, מעהרער צעבראכענע אונ אונגליקליכע מענשען, וועלכע ווערען פטור פון זייערע צרות דורך דעם טויט. אמת איז, אז די רעליגיאן האט א גרויסע ווירקונג אויף דעם זעלבסט־מארד; אבער נישט דער אינהאלט, דער תוכן פון דער אמונה איז די גאנצע סבה, נאר די לאגע, דער מצב פון דער רעליגיאן, דאס הייסט, די לאגע פון די שוואכערע צאהל מענשען פון איין רעליגיאן, וועלכע ליידען פון די שטארקערע אונ מעהרערע פון איין אנדער רעליגיאן. איצטער איז שוין אראב די קשיא, פאר וואס ביי אונז יודען אונ קאטויליקען טרעפט מען מעהר זעלבסט־מארדען ווי ביי אנדערע? דער תירוץ איז פון אויבען אויף, ווייל ביידע: סאי יודען סאי קאטויליקען געהערען צו די קלענערע אונ שוואכערע.

(פארטזעצונג קומט).

ש. בעלענקי.

---

## ליטעראטור אונ הונסט

— די רוסיש געאגראפישע געזעלשאפט האט בעשלאסען צונויפ־צוקלויבען די נגונים אונ מעלאדיען, וואס ווערען געזונגען אין די יודישע שוהלען אונ עס אבצודרוקען אין א בעזונדער בוך.

— אין אנטאקאלסקי'ס ארבייטס־צימער אין פאריז געפינען זיך נאך פיעל בילדער פון גרויסען ווערט, וועלכע קיינער ווייסט נאך נישט פון זיי.

— דעם 17־טען פעווראל האט זיך אין פעטערסבורג געעפענט די אויסשטעלונג פון דעם יודישען מאלער יצחק אשכנזי'ס בילדער. צווישען די בילדער געפינט זיך אויך דאס גרויסע בילד „קהלת“.

---

## אלערליי.

— דער טיעפסטער ארט אין ים איז אין דעם אטלאנטישען ים, צווישען דעם אינזעל טריסטאן דאקאניע אונ דעם בורט ריא דע לא פלאטא. עס האלט 14,000 מעטער, עס איז מיט 5000 מעטער־טיעפער פאר דעם העכסטען בארג אין דער וועלט, וואס הייסט האריזאנקאר, וועלכער איז הויך 8,840 מעטער.

די צאהל פון די שולען אין טערקיי גרייכט ביז 36,230 אונ די צאהל פון די שילער, וואס לערנען אין די שולען 1,33240, דאס מאכט אויס 1 שילער אויף יעדע 24 מענשען, וואס וואהנען אין טערקיי. לויט די טערקישע געזעצע מוזען די טערקען לערנען זייערע יונגליך פון 6 ביז 10 יאהר אונ מיידלעך—פון 6 ביז 11 יאהר.

— 20 יאהר געשלאפען איז פריילין מארגאריטא באָ־ענוואל אין א קליין דערפעל טעפעל אין פראנקרייך. נישט לאנג האבען די דאקטוירים, וואס האבען אויף איהר די גאנצע 20 יאהר השגחה געגעבען, דערזעהען אז זי האט אויף דער האנט א געשוויר, ביים שניידען דעם געשוויר האט די שלעפעריקע זיך אנגעהויבען צו בעוועגען אונ די דאקטוירים בעמיהען זיך איצט איהר צוריק צו די געדאנקען צו ברענגען.

(איין אויסגעצייכענטער אפעטיט). אין איינעם פון קיעווער רעסטאראנען איז אריינגעקומען א הויכער אונ שטארקער מענש

און האט געבעטען, מען זאל איהם עפּיס געבען צום פריהשטיק. ע־ האט אייפגענעסען 9 קאטלעטען און אויסגעטרונקען 6 פלאשען לימאנאר, 2 פלאשען וויין, 2 פלאשען ביער, 3 פלאשען נארזאק (אזא מין סאדע וואסער) און 2 גלעזער קאפע. דער גאנצער פריהשטיק האט אנגעטראפען 11 רובל מיט איניגע קאפעקען. אז מען האט איהם דערלאנגט די רעכנונג האט ער אונטערגעשריבען: די גאנצע סומע דארף צאהלען דער בעוואוסטער שלענער ע. פאס. אז דער בעל אכסניא האט זיך געפּריוט אנטקעגען שטעלען און האט געפאדערט מען זאל איהם בע־צאהלען האט דער „ריז“ געמאכט אזא גוואלד און געוויזען א „קולאק“, אז עס איז איהם פארגאנגען דער חשק מיט איהם צו פיהרען חשבונות.

— לעבעדיג בעגראבען. אין איין ארמענישען דארף קולא איז געשטארבען א יונגע פרוי. די עלטערן האבען איהר אוועקגעטראגען אין „טשערקעווע“, פון וואו זיי האבען געוואלט אויף מארגען ברענגען צו קבורה. אויף מארגען גאנץ פריה איז דארטען אריינגעקומען א פויער און האט דערהערט א קול. ווען קיינער א חוץ איהם איז אין „טשערקעווע“ נישט געוועזען. דערשראקען איז דער פויער ארויסגעלאפען פון דארט און האט געוואלט מודיע זיין די עלטערן פון דער געשטארבענער, אז זייער טאכטער לעבט. נאר מחמת גרויס שרעק האט איהם אבגענומען דער לשון, דערווייל האט מען די פרוי מקבר געווען. ערשט אין 2 טעג ארום, אז דער פויער האט צוריק בעקומען דעם לשון, האט ער עס איהרע עלטערן דערצעהלט. באלד איז מען געלאפען אויף דעם בית הקברות אויפגעגראבען דעם קבר, עס איז אבער שוין געווען צו שפעט, מען האט געפונען די פרוי שוין אמת טויט איבערגעקעהרט אויף א זייט.

## אויפרוף.

פון דעם קאמיטעט צו פערזארגען די יתומים פון ראובן אשר ברוידעס האבען מיר בעקומען דעם אויפרוף:

רבותי!

עס האנדעלט זיך וועגען דריי יתומים, דריי קינדער נאך גאר יונגע, דאס עלטסטע קינד איז נאך קיין 5 יאהר נישט אלט. אט די דריי קינדער, וועלכע האבען נישט ווער עס זאל זיי העלפען, ווער עס זאל זיי שטיצען, זענען די קינדער פון איינעם פון די גרעסטע יודישע שרייבערס, וואס איז נישט לאנג נאך א סך ליידען עלענד אין נויט געשטארבען. עס זענען די קינדער פון דעם בעריהמטען שרייבער

## ראובן אשר ברוידעס.

וועלכער יודישער לעזער ווייסט נישט פון איהם? ווער האט נישט אליין געלעזען אדער געהערט פון אנדערע וועגען די ביכער וואס דער פארשטארבענער האט געשריבען? די ביכער, אין וועלכע ער האט מלחמה געהאלטען פאר די בילדונג ביי יודען, וויפיעל ליכט און אויפקלערונג האבען געבראכט זיינע ראמאנען און קליינע ווערקע, וואס ער האט אין א משך פון 35 יאהר געשריבען און דערמיט בע־רייכערט די העברעאישע ליטעראטור! מיט זיין גאנצע ענערגיע, מיט זיינע לעצטע כחות האט ער פאר די נאציאנאלע אידעע געשטריטען. זיין גאנץ לעבען איז געווען א שנור פון צרות און לייד, וועלכע ער האט פאר זיין פאלק געליטען. ווי קענען מיר, זיינע בעלי־חובות, וואס מיר האבען פון איהם אזוי פיעל געבראכט, איבערלאזען זיינע קינדער, די ארימע יתומים, די קליינע הונגעריגע, שוואכע שעפעלעך אויף דעם ווינט? זאלען מיר זיי לאזען, חס ושלום, פון הונגער אויסגעהן?

עס ליגט אויף אונז א חוב קדוש זיך אנצונעמען פאר די עלענדע יתומים! און מיר ווילען מאכען א פאנד, וואס זאל זארגען פאר די יתומים, זיי צו ערציהען נאך דעם ווילען פון זייער פארשטארבענעם פאטער.

דארף מען וועגען דעם א סך רעדען? דארף מען אונזערע ברידער דערמאנען? העלפט אונז ברידער מיט אין אונזער ארבייט, דען עס האנדעלט זיך וועגען די קינדער פון ראובן אשר ברוידעס!

רעקטאר פראפ' ד"ר אדאלף שווארץ. ד"ר טהעאדאר הערצעל.
פראפ' ד"ר לעאן קעלנער. ראבב. ד"ר אדאלף שמיעדעל.
לעקטאר מאיר פריעדמאן.

פאר דאס קאמיטעט:
דוד ראטהבלום II הערמינענגאסע 18.

נדבות נעמט אן די רעדאקציאן פון דער „וועלט“ וויען IX טירקענשטראסע 9.

די אדמיניסטראציאן פון דער „יודישער פאלקס-צייטונג“ אין קראקוי נעמט אויך אן נדבות צו דעם פאנד.

---




### I. אלגעמיינע נייעס.

— פריילין סטראטילעסקו אויס רומעניען האט אין בערלינער פילאזאפישען פאקולטעט אויסגעהאלטען דאס עקזאמען און בעקומען דעם טיטעל דאקטאר פילאזאף.

— אין הערבסט וועט זיך אין פעטערסבורג עפענען די צווייטע פרויען־אפטהעק, וואו די דאקטוירים וואס געבען דערויף השגחה וועלען זיין בלויס פרויען.

### II. יודישע נייעס.

— אין נאמבוש (אונגארן) איז געשטארבען א יודישע פרוי וו. עהרנפריינד צו 112 יאהר.

— אין די פאבריק, וועלכע מען האט געבויט פון דער יודישער צדקה קאסע אין לאדז ארבייטען 60 יודישע פרויען.

— די חברה „עזרת נשים“ אין פינסק האט צעשיקט אין דער שטאדט א „קול קורא“, אין וועלכע זי לאדעט איין דעם עולם צום צדקה־אבענד וואס זי מאכט היינטיגען חודש.

— דורך די השתדלות פון באלטער רב ה' שיינקען איז אין דער אייגענער שטאדט געעפענט א פראגימנאזיום פאר מיידלעך.

---

### פארבט נית די האר.

אין דער פאריזער ביאלאגישע געזעלשאפט האבען צוויי געלעהרטע אויפגעוויזען, אז געפעהרליך איז צו פארבען די האר. זיי

האבען פארגעשטעלט דער געזעלשאפט א קראנקע פרוי, וועלכע האט געליטען אויף דעם מאגען, זי האט ניט געהאט קיין אפעטיט צום עסען, דער מאגען האט ניט פערדייהעט דאס עסען און אין פערלויף פון א יאהר האט זי פערלוירען פון איהר וואג איבער 10 קילא. די דאקטוירים, וואס האבען זיך בעשעפטיגט מיט איהר, האבען אומזוסט זיך בעמיהט צו בעזייטיגען די קראנקהייט, עס האט ניט געהאלפען קיין מיטעל און די קראנקהייט איז וואס א מאל שטארקער געווארען. ענדליך ביי א קאנסיליום האט איין דאקטאר בעמערקט, אז ביי דער קראנקער, וואס איז שוין עלטער פון 60 יאהר זענען די האר נאך גוט שווארץ און ער פרעגט זי, אויב זי פארבט ניט די האר. די קראנקע האט גלייך מודה געוועזען, און די דאקטוירים האבען אנגעהויבען צו מאכען פראבעס מיט דער פארב און זיי האבען זיך איבערצייגט, אז די פארב מאכט שווארץ ניט נאר די האר, נאר אויך די מוסקעלען און אויך דעם מאגען, דאס הייסט זי קריכט זיך אריין אין דעם קערפער, און דערפון איז געקומען די קראנקהייט. די פראבע איז געמאכט געווארען אויף א הונט און די קראנקהייט איז גלייך געקומען, דער הונט איז קראנק געוועזען 3 וואכען און ענדליך האט ער קראפירט. נאכדעם ווי די דאקטוירים האבען פערבאטען דער קראנקער פרוי צו פארבען די האר האט די קראנקהייט אנגעהויבען קלענער צו ווערען און ענדליך איז זי אין גאנצען געהיילט געווארען. — (ו.)

---

רעדאקטאר: מ. ספעקטאר.
פערלאג „פאלקסבילדונג“.

---



---



---



---

Herausgeber Verlag Volksbildung, Verantwortlicher Redacteur Moses Deutscher, Krakau, Druck v. S. L. Deutscher Podgorze b-Krakau

## פון דער אדמיניסטראציע.

די אגענטען ביי וועלכע מען קאן אויסשרייבען די „יודישע פאלקסצייטונג" מיט דער פרעמיע „אלע ווערק פון שלום-עליכם", אונ אויך מורעות (אנאנסען) איפגעבען:

(פארטזעצונג)

**וואלקאוויסקי:**
ח' י. וועלוועלעוויטש, מו"ס.

**וואסילקאוו:**
ה' ח. בריל.

**ווארשא:**
ה' ל ציקערמאנן, מו"ס (נאלעווקי 7);
ה' ח. צארנאוויין (פאוויע 10);
האחים לעווין-עפשטיין, מו"ס (גענשא 5);
ה' ב. צ. שיינפינקעל, מו"ס (זלאטא 63);
חברת „אחיאסף" (טווארדא 6, נאלעווקי איוואנאנסקי באזאר);
בית מסחר הספרים מברדיטשוב (נאלעיקי 34);
ה' ד. סאיוא, מו"ס (טווארדא 5);
„הצפירה" (מאריאנסקא 2);
ה' י. לידסקי, מו"ס, (נאלעווקי 38

**וויטעבסק:**
ה' מ. מאגערגוט;
ה' א. פרידמאן.

**ווילנא:**
ה' אפרים ראובן מאשעוויצקי, מו"ס;
ה מ קאצענעלענבויגען, מו"ס;
ה' מ. סרעברעק מו"ס;
ה' ל עפפעל;
ה' י פונק מו"ס;
ה' ש. פונק, מו"ס „א זראעליט".

**ווילקאווישקי:**
ה' ס. ווייס.

**וויננציא:**
ה' י. צווימער

**וויעטקא:**
ה' מ. מישלין.

**ווערזבאלאווא:**
ה' ר. קאפלאן

**זאווערצע:**
ה' א. גאנצוויך

**זגוריצא:**
ה' ב. בעקער.

**זשאגארי:**
ה' א. זעגערמאן.

**זשוואנעץ:**
ה' י. ראבינאוויץ

**זיטאמיר:**
ה' א. מ כהנא (שלל"פ);
ה' מ. סקאמאראווסקי, מו"ס;
ה' ש. ליפשיץ (Агентство газетъ)

**זשלאבין:**
ה' ש. פארבער.

(פארטזעצונג קומט).

---





---







---